און פרעגט ווידער:

ווער ביסטו דאָרטן?

שטימע

איך בין אַ טראָסטענע.

וואָלף

האַ?

שטימע

אַ טראָסטענע.

וואָלף

אַ וואָסערע? איינע פון די טראָסטענעס וויגט זיך. אַ ליגן. דו האָסט זיך באַהאַלטן דאָרטן, באַלד וועל איך אַריינגיין און איך וועל דיך כאַפּן. אָדער איך וועל גאָר באַלד אַ וואָרף טון אַ גרויסן שטיין, וועסטו שוין זאָגן ווער דו ביסט.

ער הייבט אויף אַ גרויסן שטיין, וויל אים אַ וואָרף טון, אָבער ער בלייבט אַזוי מיטן שטיין אין האַנט.

שטימע

ווער ביסטו?

וואָלף

וואָלף, דער וואַלד־שומר.

שטימע

אַוווּ וווינסטו?

וואָלף

מיט מיין טאַטן.

שטימע

וווּ איז דיין מאַמע?

וואָלף

געשטאָרבן. איך בין נאָך געווען דעמאָלט אַ קליין יינגל.

שטימע

ביסט אַ גוטער. איך ווייס, דו ביסט אַ געזונטער און שיינער. וואָלף, וואָלף, וואָלף! וואָלף, וואָלף, וואָלף!

וואָלף

טרעט־אָפּ, פאַר מורא, עטלעכע טריט פון ברעג. שרייט צו די פישער

קומט אַהער מיטן נעוועט, איך וועל אייך העלפן כאַפּן פיש.
קומט אַהער!

ש ט י מ ע

רוף זיי נישט אַהער. זיי נאָר דו אַליין מיט מיר.

ו ו אָ ל ף

ווער ביסטו?

ש ט י מ ע

איך בין ריטעלע.

ו ו אָ ל ף

ווער?

ש ט י מ ע

די שיינע ריטעלע.

ו ו אָ ל ף

ווו איז דיין טאַטע?

ש ט י מ ע

קינדיש־בענקענדיק

איך ווייס נישט.

ו ו אָ ל ף

ווו איז דיין מאַמע?

ש ט י מ ע

איך ווייס נישט.

ו ו אָ ל ף

ווי אַזוי האָט מען זיי גערופן?

ש ט י מ ע

אוי, איך האָב פאַרגעסן, אוי, איך קען גאָרנישט געדענקען.

ו ו אָ ל ף

קום אַרויס פון דאָרטן.

ש ט י מ ע

איך קען נישט.

ו ו אָ ל ף

ווי אַלט ביסטו?

ש ט י מ ע

איך בין געווען אַמאָל אַלט אַכצן יאָר, און איצט ווייס איך נישט ווי אַלט איך בין שוין. איצטער בין איך אַ טראָסטענע. איך ווייס אַליין נישט ווי לאַנג.

וו אָ ל ף

ווער האָט געמאַכט, אַז דו זאָלסט ווערן אַ טראָסטענע?

ש ט י מ ע

אין הימל האָט מען אַזוי געוואָלט.

וו אָ ל ף

קוקט זיך אַרום צעשראָקן און נייגעריק, וואַרט, אַז די שטימע זאָל צו אים רעדן.

ש ט י מ ע

זאָג מיר עפּעס, וואָלף.

וו אָ ל ף

זאָגסט אַ ליגן. ביסט נישט אין דער טראָסטענע.

ש ט י מ ע

איך בין געשטאָרבן. אַז איך בין געקומען אין הימל, האָט מען געזאָגט, אַז איך בין אַ זינדיקע, האָט מען מיך געוואָלט אַריינ־וואַרפן אין גיהנם אַריין. האָט פאַר מיר זיך אָנגענומען די מוטער רחל און די מוטער לאה און זיי האָבן געבעטן, אַז מען זאָל מיך נישט וואַרפן אין גיהנם אַריין, וואָרים איך בין נאָך גאָר יינג. וואָרים מיינע זינד זענען נאָך גאָר קיין זינד נישט. וואָרים מיין האַרץ איז נאָך גאָר יינג. האָט מען מיך נישט געוואָרפן אין גיהנם אַריין. אָבער מיין האַרץ איז קיינמאָל נישט געווען רויק, ווייל מיין האַרץ האָט זיך שטענדיק נאָר געוויגט, נאָר געוויגט. דעריבער האָט מען מיר געהייסן ווערן אַ טראָס־טענע, און וואַקסן אין טייך מיט אַלע טראָסטענעס. אַזוי ווי מיין האַרץ האָט זיך געוויגט, אַזוי זאָל איך זיך שטענדיק וויגן, שטענדיק וויגן. מיין נאָמען איז ריטעלע. אַזוי האָט מיר די מאַמע גערופן, אַזוי האָבן אַלע מיך גערופן.

וו אָ ל ף

איך גיי צו דיר!

שטימע

וואָס וועסטו טון מיט מיר?

וואָלף

כ'וועל דיך אויסרייסן און טראָגן אַהיים.

שטימע

אוי, דו זאָלסט עס נישט טון.

וואָלף

איך גיי צו דיר און וועל דיך אַרויסרייסן.

שטימע

דו ביסט אַ שטאַרקער וואָלף, איך ווייס, אַז דו קענסט מיך אַרויסרייסן.

וואָלף

איך וועל ברענגען אַהער מיין טאַטן, וועט ער מיר העלפן אַרויסרייסן.

שטימע

דערצייל נישט דיין טאַטן. דערצייל נישט קיינעם. קום אַליין צו מיר. ריר מיך אָן. כאָטש מיט איין פינגער ריר מיך אָן.

וואָלף

דו וועסט מיר קיין בייז נישט טון?

שטימע

וואָלף, וואָלף, איך קען נישט טון קיין בייז.

וואָלף

מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע

אָ, דו ביסט אַ גילגול, האַ?

שטימע

וויינט ציטעריק.

וואָלף

ביטע, וויין נישט. איך וועל דיר קיין שלעכטס נישט טון. דו באַר, זאָג מיר, ווי אַזוי דיר קען זיין גוט, וועל איך זיין צו דיר גוט.

שטימע

מיר איז גוט, אַז די זון שיינט. מיר איז גוט, אַז ס'איז אַ רעגן. מיר איז אַמאָל גוט ווי אַלע טראָסטענעס אַרום, אָבער מיר איז גאָר שלעכט אַמאָל, וואָס זיי זענען טראָסטענעס, ווייסן גאָרנישט, גאָרנישט. און איך בין ריטעלע, וואָס האָט אַ האַרץ און בענקט אַזוי, בענקט אַזוי.

ערגעץ בילט אַ הונט.

שטימע

מען גייט. דערציילן קיינעם נישט, אַז דו האָסט גערעדט מיט ריטעלען. קיינעם זאָלסטו נישט דערציילן. געדענק.

וואָלף

בלייבט אין פאַרלעגנהייט, קוקט צום וואַלד און אַמאָל צום טייך.

דער נסתר

קומט אַרויס פון וואַלד. האָט אַ פרום פנים, אָבער זייער אויסגעמאָגערט, אין די עלטערע יאָרן. די קליידער אויף אים אין לאַטעס און צע־ריסן, מיט אַ נערוועזער ענערגיע. באַטראַכט מיט שאַרפע בליקן פון אויבן אַראָפּ וואָלפן.

וואָלף

וואָס קוקט איר מיך אָן אַזוי?

דער נסתר

ביסט אַ יונג מיט גבורה. אַ גאַנצער בוים אָן אַ מום.

וואָלף

האַ?

דער נסתר

קומסט אַרויס אָפּטער אַהער און קיין פיש כאַפּסטו נישט.

וואָלף

איך האָב פיינט צו כאַפּן פיש.

דער נסתר

אַ שומר פון וואַלד, האַ? דעם בוים געמאַכט פאַר אַ שומר איבערן וואַלד. האָסטו שוין געדאַוונט?

וואָלף

נאָך נישט.

דער נסתר

דאָס זעט מען שוין אַרויס, דאָס זעט מען שוין אָן דיר, אַז דו האָסט נאָך נישט געדאַווענט. די ליפּן זענען נאָך בלייך, און דאָס קומט נישט פון נישט עסן, נאָר פון נישט דאַוונען אין צייט.

וואָלף

איך דאַוון.

דער נסתר

אָבער נישט אין צייט. און דיינע מחשבות זענען נישט קיין לויטערע, אויף אַ דודע פייפט מען נישט פאַרן דאַוונען.

וואָלף

האַ, מען טאָר נישט?

דער נסתר

און דיין פייפן — פייפט פאַרשייט. איבערן גאַנצן וואַלד פייפט עס פאַרשייט.

וואָלף

דאָס איז אַן עבירה?

דער נסתר

נישט קיין עבירה, אַז מען ווייסט די ריכטיקע כוונה. אַז מען ווייסט די ריכטיקע צייט. האַ, דו האָסט גבורה און דו היטסט דיביימער און דו גייסט אַרום מיט אַ האַק אין גאַרטל. מען באַדאַרף וויסן ווי מיט אַ האַק אַרומצוגיין. מען באַדאַרף וויסן מיט אַ האַק אויך וואָס און ווען. נישט יעדער בוים איז עלול פאַרשניטן צו ווערן. טאַטע־מאַמע האָסטו?

וואָלף
אונטערטעניק

איך האָב אַן אַלטן טאַטן, קיין מאַמען האָב איך שוין נישט לאַנג.

דער נסתּר

עבֿרי ווייסטו? אַ ברכה מאַכן ווי געהעריק ווייסטו? צו דער תּורה רופֿט מען דיך?

וואָלף

אַוודאי, ווי הייסט, ווי דען? איך גיי אין דאָרף אַריין. איך קען, איך ווייס.

דער נסתּר

פּאַטשט אים אין פּלייצע

איז ווויל, איז גוט.

וואָלף

ווער זענט איר?

דער נסתּר

ווער איך בין באַדאַרפֿסטו נישט וויסן, זיין רעכט, אַז דו וועסט נישט וויסן. אפֿשר האָסטו דאָ געזען אַ הונט דורכלויפֿן?

וואָלף

איך האָב געהערט אַ הונט בילן אין וואַלד.

דער נסתּר

געבילן? דאָס האָב איך אויך געהערט.

אַז ער קערט זיך אום איז צו באַמערקן אַן אויפֿגעריסענעם פֿלאַץ אין זיין בגד אויפֿן פּלייצע, און דורך דעם ריס זעט זיך אַ שטיק לייב אַרויס, צעגראַבלט און צעבלוטיקט מיט פֿרישע בלוט-פֿלעקן.

וואָלף

רבי, ווער האָט אייך צעבלוטיקט די פּלייצע?

דער נסתּר

רופֿ מיך נישט רבי, רופֿ מיך נישט.

וואָלף

עמעצער האָט אייך געשלאָגן? אפֿשר האָבן גוים אויף אייך אָנגערייצט הינט? וווּ זענען זיי, וועל איך נעמען אַ דראָנג און איך וועל זיי מכבד זיין.

דער נסתר

ש־ש־ש, רעד נישט אַזוי, מיין קינד, ביסט אַ ייד, טאָר מען נישט אַזוי.

וואָלף

אַ הונט האָט אייך צעביסן. איך ווייס, מען האָט אויף אייך אָנגערייצט. איך ווייס וואָס פאַר אַ הונט, איך וועל אים צעפלעטן דעם קאָפּ.

דער נסתר

דאָס אויך נישט. דאָס באַדאַרף מען אויך נישט.

וואָלף

איך האָב אַסך כּוח, רבי.

דער נסתר

ניטע, ש־ש־ש, רוף מיך נישט רבי.

וואָלף

לאָזט, איך וועל אָפּוואַשן דאָס בלוט.

דער נסתר

דו געפעלסט מיר, מיין קינד, אָבער קיין הונט האָט מיך נישט געביסן, און קיינער האָט מיך נישט געטשעפּעט.. אַז דו וועסט קיינעם נישט אויסזאָגן, גיב מיר דיין האַנט, האַ, אַן ערלעכע האַנט, כאָטש פול מיט גבורה.

וואָלף

לאָזט, איך וועל אייך אַרומוואַשן די פּלייצע.

דער נסתר

ניטע, מען באַדאַרף גאָרנישט, און רעד נישט מיט קיינעם מכּוח דעם, מיט קיינעם נישט. גיב מיר די האַנט... און דערפאַר, אַז דו וועסט באַדאַרפן, וועסט זיין אין נויט, וועל איך דיר קומען צו הילף.

וואָלף

איך בעט אייך, זאָגט מיר, ווער האָט אייך צעבלוטיקט די פּלייצע.

דער נסתר

איך אליין, מיין קינד. אַזוי ווער איך געלייטערט. סיגופים הייסט

עס. אָבער שאַ; באַשעפֿערט דורך דיר זאָל איך נכשל ווערן. האַ, עס טריפֿט בלוט? דאָס הינטל לעקט עס מיר אַרום. נו, איז דאָס אַנטלאָפֿן געוואָרן, פֿאַרשטייט נישט? סיגופֿים, אַזוי פּייניקט מען דעם גוף, אַזוי לײַטערט מען די נשמה.

וואָלף

האַ־האַ?

דער נסתּר

האָסט פֿאַרשטאַנען, מײַן קינד?

וואָלף

קומט צו אונז אַהיים, וועל איך אײַך געבן צו עסן.

דער נסתּר

הײַנט איז דאָנערשטיק — מײַן תּענית.

וואָלף

איר ווייסט דעם וועג אין שטעטל?

דער נסתּר

איך טרעט נישט קיין סטעזשקעס, טרעט נישט, געפֿין דעם וועג. אַלעמאָל אַן אַנדער וועג, אָבער איך געפֿין שוין.

גאַנץ אומגעריכט פֿאַרקירעוועט ער אין וואַלד אַרײַן. פֿאַרשווינדט.

וואָלף

בלײַבט אַליין פֿול מיט רעטענישן, מאַכט אַ פּאָר טריט וועלנדיק נאָכשפּירן דעם נסתּר, אָבער כאַפּט זיך, אַז ער באַדאַרף עס נישט טון. ער פֿאַרנעמט זיך אין אײַן געלויף מיטן וועג, אָבער באַלד בלײַבט ער שטיין, דערמאָנט זיך אָן טײַך און אויף די שפּיץ פֿינגער דערגענטערט ער זיך צום ברעג און הייבט אָן שטיל און אײַנגעהאַלטן צו רופֿן:

ריטעלע! רי־טע־לע!

שטימע

פֿון צווישן די טראָסטענעס

איך האָב אַלצדינג געהערט.

וואָלף

ווער איז אָט דער אַלטער ייִד?

שטימע

איך האָב פֿאַר אים מורא.

וואָלף

ווער איז ער?

שטימע

ער קומט אַהער אין דער שטיל, אַז קיינער זעט נישט, און ער פייניקט זיך זיין לייב, ער קומט אַהער אַלע באַגינען, קאַטשעט זיך אויף דער ערד און צעבלוטיקט זיך דאָס לייב, איך הער ווי אַ הינטל לעקט אים אָפּ דאָס בלוט פון לייב.

וואָלף

האַ־האַ!

שטימע

ער קומט אָפּ אויף דער וועלט. פייניקט זיך, פייניקט זיך.

וואָלף

איך וועל זיך פייניקן, איך וויל אויך נישט זיין קיין זינדיקע

שטימע

איך בעט דיך, פייניק זיך נישט.

וואָלף

איך וועל זיך אויך פייניקן.

שטימע

מיך האָט אַזוי געקלעמט, אַז ער האָט גערעדט מיט דיר, ער האָט געהייסן, אַז דו זאָלסט נישט פייפן, און איך כאַפּ זיך אויף, אַז דו שפּילסט, מיר איז אַזוי טוטוויי...

וואָלף

טאָ קום אַרויס צו מיר, ריטעל. איך האָב פאַר דיר נישט קיין מורא, קום אַרויס.

שטימע

וואָלף, וואָלף איך האָב אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דיר. קום צו מיר, קום צו מיר.

וואָלף

איך וועל דיך אַרויסרייסן מיט די וואָרצלען, ווּעסטו קענען וואַקסן, איך וועל דיך פאַרזעצן לעבן אונזער שטוב. איך ווייס ווי אַזוי מען פאַרזעצט ביימער, זיי זאָלן וואַקסן.

שטימע

וואָלף, וואָלף, איך הער ווי דיין האַרץ קלאַפּט.

וואָלף

האַ ?

שטימע

וואָלף, וואָלף, איך הער ווי דיין האַרץ קלאַפּט. פאַרוואָס קומסטו נישט צו מיר ?

וואָלף

לייגט זיך הינטיש אַוועק ביים ברעג און קוקט און הערט אָנגעשטרענגט צום טייך.

שטימע

איך הער ווי דיין האַרץ קלאַפּט, וואָלף, און מיר איז אַזוי טוטוויי...

וואָלף

האַלט איין דעם אָטעם.

שטימע

קום צו מיר, איין ריר נאָר זאָלסטו מיר טון מיט דיין וואַרע־מער האַנט.

וואָלף

שווייגט.

שטימע

מיט אַ טרויעריקן אַ פאַר־זיך־שטילן געלעכטער

ווילסט נישט קומען, האָסט מורא, און איך בענק, איך בענק.

וואָלף

בלייבט נאָך אַ ווײַלע אַזוי שטיל. ער הייבט זיך אויף פּאַרטייעט, באַוואָרנט זיך, אַז קיינער זאָל נישט זען, פאַרקאַשערט הויך זיינע הויזן איבער די קני און פאַרנעמט זיך אין טייך אַריין צו די טראָסטענעס, ער קלייבט אויס די שענסטע מיט דעם העכסטן פעדער אויבן און נעמט זי אַרום ווי מיט דער דעה אויסצורייסן. לייגט זיך איבער, עפּעס נעמט ער אַרויס פון זיין קעשענע, עפּעס טוט ער דאָרט מיט דער טראָסטענע, און מיטאַמאָל פראַלט אַרויס אַ קלינגענדיקער מיידלעשער געלעכטער און פרייד אויסגעשריי, פרייד־קרעכצן און עקסטאַז־קלאַנגען, אַז אַלע טראָסטענעס אַרום הייבן זיך אָן צו וויגן. באַלד גייט עס איבער אין אַ שטילן ציטעריק געוויין, שלוכצן און ווידער

שטיל. אַ ווײַלע בלײַבט ער אַזױ אַ צעטומלטער שטיין ביזן האַלז אין די טראָסטעגעס, הײבט אָן דערשראָקן צו מורמלען

**איך האָב מײַן פינגערל אָנגעטון אויף דער טראָסטענע... ריטעלע, קער עס מיר אום צוריק...**

זוכט צווישן די טראָסטענעס מיט אַ נערוועזער אומרויִקייט. א ב י ג ד ו ר און נ ח מ ן קומען אָן, טראָגן בײדע בינט פיש. ווען ער דערזעט זײ, בײגט ער זיך אַראָפּ צווישן די טראָסטענעס, מען זאָל אים נישט באַמערקן.

א ב י ג ד ו ר

**וואָלף אַוועקגעגאַנגען.**

נ ח מ ן

**נעם דאָס פּעקעלע, מען באַדאַרף זיך אונטעראײַלן.**

פאַרקערן מיטן שטעג אין וואַלד.

ו ו אָ ל ף

הײבט זיך אַרויס פון צווישן די טראָסטענעס און שפּיצט אָן זײַנע אויערן, פון וואַלד דערטראָגט זיך אַ ייִנג מײדלש געלעכטער. ער דערקענט די אײגענע שטימע, אַ ווינט טראָגט זיך דורך און די טראָסטענעס הײבן זיך אָן צו וויגן און באַשאָפן דעם שטילן גראָזן־געברויש, ער קומט אַרויס פון טײַך און לאָזט זיך נאָך דער שטימע.

ש ט י מ ע

דערווײַטערט זיך.

## צווייטע בילד

דאָס אייגענע אָרט. פאַרנאַכט. פון וואַלד קומען אַרויס פעשע, רבקה און דאָבע, אַהלטן זיך געאָרעמט און זינגען אַן אַלטן זמירות־ניגון אָן ווערטער.

דאָבע

אָט איז שוין דער טייך.

פעשע

ווען איך האָב נישט מורא פאַר דעם טייך, וואָלט איך זיך געבאָדן. וואָס זאָגסטו, רבקה?

רבקה

איך האָב זיך נאָך אין דעם טייך קיינמאָל נישט געבאָדן.

דאָבע

זעסט, וואָלף איז דאָ נישטאָ.

פעשע

ער וועט אַהער נישט קומען, ווייל ער האָט געזען, אַז מיר גייען מיט דיר, רבקהלע.

דאָבע

איצט באַדאַרפן מיר שוין מיט רבקהן נישט גיין.

רבקה

דאָבעלע איז מיך מקנא.

דאָבע

מיינסט טאַקע, אַז איך האָב אים אַזוי געוואָלט? איך האָב געוווסט, אַז ער וועט זיין דיין חתן.

פעשע

איך בין דיך אויך נישט מקנא.

דאָבע

אפשר קען נאָך זיין אַנדערש, אפשר וועט אים רבקה נאָך נישט וועלן. איז וואָס, קיין תנאים איז נאָך נישט געווען. אמת, רבקה?

פעשע

ער האָט שוין מיט רבקהן אָפּגערעדט.

דאָבע

רבקהלע שווייגט, זי האָט מורא, אַז איך בין איר מקנא, ביסט אַ נאַר, רבקהלע, איך פאַרגין דיר אים מיטן גאַנצן האַרצן, אַבי ס׳זאָל שוין זיין תנאים, וואָס אַרט דיך.

רבקה

אומעטיק

וואָלף איז דאָ נישטאָ. אַבי ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיין לעבן טייך.

פעשע

אפשר וועט ער באַלד קומען.

פון ווינקל טייך אין וואַלד קומט אַרויס אַ מיידל, יונג און פריש, מיט אַזאַ שוועבנדיקער לייכטקייט אין איר גאַנג, אַ ווייללע שטייט ז נישט באַמערקט פון די דריי מיידלעך און קוקט זיי אָן מיט אַ נאַיוון ווונ דער און בייגעריקייט.

רבקה

זעט, זעט ווער ס׳שטייט דאָרט!

דאָבע

אוי, ווער איז דאָרט?

פעשע

זע נאָר, ס׳אַראַ קליידזי גייט!

דאָבע

גרין ווי גראָז.

רבקה

איך האָב קיינמאָל אַזאַ קליידל נישט געזען.

דאָבע

לאָמיר זי צורופן אַהער.

פעשע

לאָמיר צוגיין צו איר.

רבקה

לאָמיר פרעגן ווער זי איז.

פעשע

וואָס טוט זי דאָ?

דאָבע

אפשר פאָרט זי מיט אַ פור און די פור שטייט ביים וועג?

רבקה

ווינקט

קום אַהער, קום צו אונז.

די אומבאַקאַנטע מאַכט עטלעכע שריט צו זיי און די מיידלעך גייען איר אַנטקעגן און טרעפן זיך אינמיטן וועג.

דאָבע

ווער ביסטו? מיך רופט מען דאָבע, און ווי אַזוי איז דיין נאָמען?

אומבאַקאַנטע

איך בין ריטעלע.

רבקה

מיין נאָמען איז רבקה.

פעשע

מיין נאָמען איז פעשע, מיר זענען חברטעס.

דאָבע

און וווהין גייסטו?

ר י ט ע ל ע

איך בין אין ערגעץ נישט געגאַנגען.

ר ב ק ה

אפשר וועסטו קומען צו אונז?

פ ע ש ע

ביי איר וועט אפשר היינט בייננאַכט זיין תנאים.

ר י ט ע ל ע

זאָגט איר נאָך פארקלערט

היינט בייננאַכט וועט אפשר ביי איר זיין תנאים.

פ ע ש ע

איר חתן רופט מען וואָלף, ער איז אַזאַ געזונטער!

ד אָ ב ע

ער איז אַזאַ שיינער! מען רופט אים וואָלף.

ר י ט ע ל ע

זאָגט עס איבער פארקלערט

מען רופט אים וואָלף. ער איז אַ שיינער.

פ ע ש ע

איר חתן איז אַ שטאַרקער און אַ הויכער.

ד אָ ב ע

אים רופט מען וואָלף.

ר י ט ע ל ע

אים רופט מען וואָלף.

אַלע דריי מיידלעך לאַכן זיך פונאַנדער

ר י ט ע ל ע

וואָס לאַכט איר פון מיר?

ד אָ ב ע

מיר לאַכן נישט.

ר ב ק ה

מיר ווייסן, אַז ס׳איז אַן עבירה צו לאַכן.

ד אָ ב ע

טאַפּט ריטעלעס קלייד

ס׳אַראַ שיינער ציץ דאָס איז!

פ ע ש ע

ווו האָסטו אַזאַ שיינעם ציץ גענומען?

ר ב ק ה

זעט, זי גייט די האָר נישט פאַרפלאָכטן אין צעפּ.

אַלע מיידלעך לאַכן ווידער.

ד אָ ב ע

זי איז אַזאַ שיינע, אמת, פּעשע?

פ ע ש ע

זי איז נאָך גאָר אַ יינגע.

ר ב ק ה

זי שעמט זיך וואָס איר רעדט.

פ ע ש ע

דערצייל פונוואַנען דו ביסט, מיר בעטן דיך.

ד אָ ב ע

דיין פור איז מסתמא דאָרט אויפן וועג הינטערן וואַלד. איך האָב טאַקע געזען דאָרט אַ פור.

ר ב ק ה

מיר וווינען נישט ווייט פון דאַנען, אויף יענער זייט וועלדל.

פ ע ש ע

מיר וווינען אויך נישט ווייט פונדאַנען.

ד אָ ב ע

קום צו אונז. אַז מען גייט צו אונז, קען מען דורכגיין נעבן זיין שטוב. ווילסט זען וואָלפן?

רבקה

מסתּמא דאַרף זי שוין אַוועקפאָרן. מסתּמא וואַרט אויף איר אַ פור אויפן וועג. קומט שוין אַהיים.

דאָבע

זי וויל נישט גיין מיט אונז. איך וועל איר געבן אַ קוש איי־דער איך גיי אַוועק. ס׳מאַכט נישט אויס, וואָס מיר האָבן זיך נאָך קיינמאָל נישט געזען. אוי, אירע באַקן שמעקן מיט גראָז!

פּעשע

איך וועל איר אויך געבן אַ קוש... אוי, פון איר פּנים שמעקט דאָך מיט וואַסער־קווייטן! גיי צו, רבקהלע!

רבקה

איך וועל איר אַ קוש טון אין מויל... אוי, עס שמעקט פון איר מיט טייך.

דאָבע

דו האָסט זיך געבאָדן?

פּעשע

זי האָט זיך מיט גרין גראָז געריבן די באַקן.

רבקה

זי טרינקט וואַסער מסתּמא פון טייך איינגעבויגענערהייט, זופּט זי גלייך מיטן מויל פון טייך.

דאָבע

אפשר איז זי שוין אויך אַ כּלה?

פּעשע

זי האָט זיך פאַררויטלט, פאַרשעמט.

רבקה

איך טראַכט אויך, אַז זי איז אַ כּלה. זי פאָרט אפשר פון חתן. וואָס זאָגסטו, דאָבע?

ריטעלע

פאַרדעקט איר פּנים מיט די הענט.

פעשע

זי שעמט זיך וואָס מיר רעדן.

רבקה

ווער איז זי?

דאָבע

אפשר ווייסט וואָלף?

פעשע

טאַקע, אפשר ווייסט וואָלף.

דאָבע

קום מיט אונז. בישט ווייט פונדאַנען ווינט וואָלף מיט זיין אַלטן טאַטן.

רבקה

ער וועט זיין מיין חתן.

דאָבע

קום, רבקהלע. קום, פעשע, לאָמיר נאָר רופן וואָלפן אַהער.

פעשע

קום, רבקהלע, מירן אים געפינען און זאָגן, אַז עמעצער איז פאַראַן ביים טייך.

רבקה

צו ריטעלען

דו וועסט דאָ וואַרטן אויף אונז?

דאָבע

זי וועט וואַרטן. קומט, לאָמיר גיין.

נעמען זיך אונטער די הענט, זינגען ווי פריער, קוקן נאָך אַלע ווייל זיך אום אין דער זייט ווו ריטעלע שטייט אָנגעשפאַרט אָן אַ בוים און קוקט זיי נאָך.

ריטעלע

בלייבט ווי אַ פאַרגליווערטע לעבן בוים אָנגעשפאַרט.

וואָלף

קומט אַרויס פֿון צווישן די בײמער, כמעט אין אײן געלויף און שלאָגט זיך אָן אויף ריטעלען. בלײַבט שטײן. בײדע קוקן זיך אָן.

ריטעלע

קוקט אים אָן, נײגט זיך צו אים.

וואָלף

ווער ביסטו?

ריטעלע

ריטעלע.

וואָלף

האַ?!

ריטעלע

מיט באַהאַלטענער פֿרײד

און דו ביסט וואָלף.

וואָלף

ווער האָט דיר געזאָגט מײן נאָמען?

ריטעלע

דו האָסט מיר געזאָגט, הײנט אינדערפֿרי.

וואָלף

ריטעלע?! דו ביסט געווען דאָרטן? אין די טראָסטענעס? נישט אמת?

ריטעלע

דו האָסט מיך פֿון דאָרט אַרויסגענומען.

וואָלף

ביסט נישט צוגעוואַקסן צו דער ערד? קענסט גײן? האַ!

ריטעלע

הײב מיך אויף.

וואָלף

הײבט זי אויף

אוי, ווי גרינג דו ביסט!

לויפט מיט איר צום טייך און קערט זיך אום צוריק.

ריטעלע

איך בין גרינג, און דו ביסט שטאַרק. איך וויל שוין אַזוי מער בישט זיין קיין טראָסטענע.

וואָלף

ווי אַזוי ביסטו אַרויס?

ריטעלע

דו האָסט מיך אַרויסגענומען. אויף אַ גאַנצן טאָג האָסטו מיך אַרויסגענומען. איך האָב זיך אַזוי געפרייט. בין געלאָפן איבערן וואַלד גרינג ווי אַ ווינטעלע.

וואָלף

נעמט אירע הענט און קוקט איר גלייך אין די אויגן אריין

ביסט אַ מענטש, האַ? יאָ? איך וועל דיך נאָכאַמאָל נעמען אויפן האַנט. אוי, פאַרוואָס ביסטו אַזוי גרינג?

ריטעלע

מיר איז גוט, אַז דו טוסט עס. מיר איז גוט ווי דעמאָלט, ווען דאָס וואַסער וואַשט מיך שטענדיק, דעמאָלט, ווען דער טוי פאַלט אויף מיר. מיר איז גוט ווי דעמאָלט, ווען די לבנה שיינט אויפן וואַסער און אויף מיר אויך.

וואָלף

קום צו אונז אין שטוב אַריין, וועסטו זען מיין אַלטן טאַטן.

ריטעלע

איך האָב מורא, וואָלף.

וואָלף

איכ'ל דיך אַוועקטראָגן אויף די הענט.

ריטעלע

איך האָב מורא.

וואָלף

איך וועל דיר מיט געוואַלד אַוועקטראָגן אויף די הענט.

ריטעלע

טראָג נישט, טראָג נישט. אַליין וועל איך אפשר קומען, אַז דו וועסט וועלן.

וואָלף

לאָזט זי אָפּ, קוקט זי אָן פארדעכטיקט

ווו איז מיין פינגערל?

ריטעלע

פאַפּשט מיט די הענט

האָסט מיך פריי געמאַכט מיט אים, האָסט מיך פריי געמאַכט מיט דעם וואָס דו האָסט געזאָגט... איך בין דיינע, און איך בין פריי... עס איז אין מיר און איך בין פריי...

לויפט אום פריי ווי דער ווינט, טאַנצט און זינגט.

וואָלף

קוקט איר נאָך מיט מורא, און ווען זי דערנענטערט זיך צו אים טרעט ער אָפּ אַ פּאָר טריט.

ריטעלע

האָסט מורא פאַר מיר? וואָלף, מיין וואָלף! ביסט אַזאַ גרויסער ביסט אַזאַ שטאַרקער, דו וואָלסט נישט געקענט וווינען אין אַ דינער טראָסטענע, וואָלסט שוין געמוזט וווינען אין אַ בוים, אין אַ גרויסן בוים.

וואָלף

איך האָב מורא פאַר דיר, סיידן דו וועסט קומען מיט מיר, סיידן דו וועסט גיין מיט מיר אַהיים. סיידן דו וועסט רעדן מיט מיין טאַטן אויך. דו ביסט ווי דער ווינט, אַז איך קען דיר נישט נאָכקוקן, קענסט נישט איינשטיין אויף אַן אָרט, וויגסט זיך ווי אַ טראָסטענע.

ער כאַפּט זי נאָכאַמאָל.

ריטעלע

אוי, עס טוט מיר וויי די האַנט. צו שטאַרק, צו שטאַרק האָסטו מיין האַנט אָנגענומען!

וואָלף

איך וויל טאַקע, אַז דיר זאָל ווי טון. איך וויל מיט אַ גראָז דיר אַ שניט טון אין אַ פינגער און וועל זען, צי ס'וועט גיין בלוט.

ריטעלע

איך וועל אפשר שטאַרבן! אוי, שטאַרבן איז אַזוי נישט גוט...

וואָלף

האַלט זי שטאַרק צו, רייסט אויס אַ גראָז, וויל איר אַ שניט טון אין אַ פינגער.

ריטעלע

כאַפּט אים אַרום, האַלזט אים, טוליעט זיך צו אים, נעמט אַרויס דאָס גראָז פון זיין האַנט, מיט אַ זינגעדיקער שטימע:

וואָלף, וואָלף! דו ביסט מיינער! וואָלף, וואָלף — איך בין דיינע. ווינט, ווינט! קום און בייג ריטעלע די טראָסטענע און וואָלפן דעם בוים. נאָר דו, וואָלף, נאָר דו, וואָלף, האָסט מיך געקענט פון דאָרטן אַרויסנעמען. לעבן דיר ווער איך שטאַרק. בייג איך זיך שוין נישט אַזוי. שפּילט זיך מיט זיינע האָר. דיינע האָר פונקט ווי גראָז. קום צום טייך, וועל איך זיי איינגעצן אין וואַסער... אָט אַזוי. בייג זיך נאָך מער אַראָפּ, וועל איך דיינע האָר וואַשן, ווי עס וואַשט דאָס וואַסער דאָס גראָז, און ווען מיין באָבע האָט מיר די האָר געוואַשן.

זי בייגט זיין קאָפּ צום וואַסער און וואַשט אים די האָר, זינגט מיט עקסטאַז און סודותדיקייט: האַי־האָ־האַי־האָ!

דיינע האָר וועלן אויסוואַקסן ווי וואָרצלען פוןביימער, וועלן אויסוואַקסן ווי לאַנגע גראָזן.

וואָלף

וואַש מיר נאָך, וואַש מיר נאָך. דיינע פינגער זענען דינע. דיינע פינגער זענען גרינע.

ריטעלע

וואַשט אים די האָר און זינגט ווי פריער. איר פנים איז ליכטיק אָנגעצונדן, און ווי ער ליגט אַזוי ביים ברעג, הייבט זי זיך אויף, און לייכט ווי אַ ווינטעלע, שלייכט זיך אַוועק צווישן די ביימער. פאַרשווינדט.

וואָלף

הייבט זיך אויף, קוקט פאַרווונדערט און צעשראָקן. פון זיינע האָר־טריפן טראָפנס וואַסער. ער זיצט אין גראָז א פאַרלוירענער. פון וואַלד דערטראָגט זיך א מיידלעשער פריידיקער געלעכטער. ער אָבער בלייבט זיצן אויף זיין אָרט, ווי ער וואָלט גאָר אָנגעווירן זיינע כוחות.

אריה

קומט אָן.

וואָלף גאָר! דאָ ביסטו גאָר, וואָלף?

וואָלף

יאָ, טאַטע.

אריה

פאַרוואָס האָט מען דיך נישט געזען אַ גאַנצן טאָג אינדערהיים?

וואָלף

יאָ, טאַטע, איך בין היינט נישט געווען אינדערהיים.

אריה

האָסט אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן?

וואָלף

איך האָב נישט געגעסן.

אריה

עמעצער האָט היינט ביינאַכט געהאַקט האָלץ און דער הונט האָט נישט געבילט. האָסט נישט געהערט קיינעם?

וואָלף

איך האָב איין בוים אויסגעהאַקט.

אריה

דו, מיין זון? צוליב וואָס האָסטו אַזאַ יינג דעמבל אויסגעהאַקט?

וואָלף

איך ווייס נישט פאַרוואָס... איך האָב געוואָלט אויסהאַקן

אריה

ווער האַקט עס יינגע דעמבלעך? קיינער טוט נישט אַזאַ זאַך.

מיין זון. איך גלייב נישט, אַז דו זאָלסט האָבן געטון אַזאַ זאַך. דאָס טוט נישט קיין ייד. קום, מיין זון, אַהיים.

ו ו אָ ל ף

באַלד, טאַטע, וועל איך גיין.

א ר י ה

ווייסט, מיין זון, פּסח־זלמן מיט דער מויד זענען געקומען, גע־וואַרט אויף דיר.

ו ו אָ ל ף

האַ?

א ר י ה

האָסט נישט געהערט וואָס איך האָב דיר געזאָגט? ווילן, אַז די תנאים זאָלן זיין באַלד און די חתונה אויך באַלד. ער האָט געזאָגט — ער וועט דיר אָפּגעבן די קרעטשמע, האָט ער גע־זאָגט, אַז ער וועט דיר געבן אַ פערד מיט אַ בהמה אויך, האָט ער געזאָגט. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין מסכים. האָבן גע־וואַרט אויף דיר און האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן. איך וויל טאַקע די תנאים זאָלן זיין באַלד און די חתונה אויך באַלד, וואָרים מיינע כחות זענען שוין באַלד נאָך אַלעמען, האַ, וואָס זאָגסטו?

ו ו אָ ל ף

איכ׳ל חתונה האָבן מיט רבקהן. איך האָב איר שוין געזאָגט, אַז איכ׳ל חתונה האָבן.

א ר י ה

טאָ קום, זון מיינער, אַהיים.

ו ו אָ ל ף

מיר איז שווער אויפצושטיין, טאַטע.

א ר י ה

וואָס הייסט, שווער זיך אויפצוהייבן — ס׳טייטש?

ו ו אָ ל ף

עפּעס האָב איך נישט קיין כוח און מיר איז גוט אָט אַזוי צו זיצן.

אריה

האָסט נאָך נישט געגעסן. האָסטו געדאַווענט, מיין זון?

וואָלף

ניין, טאַטע. איך האָב נאָך נישט געדאַווענט, דאַכט זיך מיר, אַז איך בין געשלאָפן ביז איצטער, עפּעס האָט זיך מיר געחלומט.

אריה

איך פאַרשטיי גאָרנישט, וואָס דו רעדסט מיט מיר. נו, שטיי אויף און מאַך זיך נישט נאַריש. אַז דער פּריץ וועט קומען און זען, אַז מען האָט אויסגעהאַקט אַ יינג דעמבל, וועט ער אויף געוויס אַרויפלייגן אַ שטראָף. מען וועט באַדאַרפן, מיין זון, אויסגראָבן דעם פּיען און די שפּענער צונעמען. נו, טאָ קום אַהיים, מיין זון.

וואָלף

גיי אַהיים. איכ'ל באַלד קומען צו גיין..

אריה

זאָלסט למען השם קומען אַהיים. האַ, וואָס זאָגסטו?

וואָלף

גיי, טאַטע, אַהיים. זאָלסט צונויפקלייבן די שפּענער פון אויס־געהאַקטן דעמבל. אַז איכ'ל קומען וועל איך אויסגראָבן דעם פּיען. גיי, טאַטע, אַהיים.

אריה

גייט אַוועק, גאָרנישט זאָגנדיק.

וואָלף

בלייבט אַזוי זיצן צעטראָגן. פון וואַלד אַרויס באַווייזן זיך ווידער די מיידלעך.

דאָבע און פעשע און רבקה. זיי באַמערקן וואָלפן און ווינקען, אַז מען זאָל זיך שטיל פאַרגנבענען און אים איבערשרעקן. קומען צו גאָר נאָענט און לאַכן זיך הויך פונאַנדער. וואָלף קוקט זיי אָן גלייכגילטיק.

דאָבע

וואָלף, מיר האָבן דיך אומעטום געזוכט.

פעשע

וואָס טוסטו, וואָלף, כאַפּסט פיש?

רבקה

מיין טאַטע און מיין מאַמע זענען טאַקע געווען ביי אייך און דו ביסט נישט געווען.

דאָבע

מיר האָבן דיך אומעטום געזוכט, וואָלף.

פעשע

זעט, זיינע האָר נאַס. האָסט געכאַפּט פיש?

דאָבע

קום, וואָלף, לאָמיר שפּילן אין באַהעלטעניש.

רבקה

צערטלעך

קום, וואָלף, לאָמיר זיך שפּילן אין באַהעלטעניש.

דאָבע

מיר'ן געגאַנגען דיך זוכן, איז דאָ פריער גאָר געווען עפּעס אַ פרעמד מיידל, אַזאַ מיידל.

וואָלף

ווו?

דאָבע

אָט אָ דאָ, ווו דו זיצסט.

וואָלף

מסתמא געחלומט. נאָך עפּעס גאָר.

פעשע

מיר'ן דיך דעריבער געגאַנגען רופן.

רבקה

איך האָב אויך געזען.

וואָלף

גערעדט מיט איר?

רבקה

אַוודאי האָבן מיר גערעדט מיט איר.

וואָלף

האָט שוין באַדאַרפט צו זיין. אייך ט׳זיך געחלומט.

דאָבע

וואָס זאָגט איר צו אים?

פעשע

מיר׳ן זי געוואָלט ברענגען צו אייך אין שטוב אַריין.

רבקה

אָט אָ דאָרטן איז זי געשטאַנען.

וואָלף

ווי אַזוי רופט מען זי?

פעשע

פון וואַנען זאָל איך וויסן?

רבקה

דאַכט זיך, זי האָט געזאָגט. איך האָב פאַרגעסן.

דאָבע

וואַרט, וואַרט, אפשר וועל איך זיך דערמאָנען.

פעשע

איך וועל גאָרנישט רעדן מיט אים, אַז ער איז אַזוי גאָר...

דאָבע

וואָלף איז אויף אונז ברוגז.

פעשע

וואָלף זעט גאָרנישט, אַז רבקה איז דאָ פאַראַנען. דו, רבקהלע, באַדאַרפסט זיין מיט אים ברוגז!

רבקה

איך בין טאַקע ברוגז. אַז איך בעט אים, אַז ער זאָל גיין מיט אונז שפּילן אין באַהעלטעניש, וויל ער נישט. שטיי אויף, וואָלף, איך בעט דיך. שטיי אויף און קום מיט אונז. דאָ איז טאַקע געווען אַ מיידל, נאָר זי איז אַוועקגעפאָרן. איך האָב טאַקע געזען אַ פור דאָרטן אויפן וועג.

וואָלף

ווו אַ פור?

רבקה

דאָרטן אויפן וועג. מענטשן געפאָרן.

וואָלף

איכל גיין זען, צי די פור שטייט נאָך.

דאָבע

שוין אַוועקגעפאָרן. לאַנג אַוועקגעפאָרן. מסתמא געווען פון דער אייגענער פור. קום, פעשע, מיר'ן זיך באַהאַלטן און דו, רבקהלע מיט וואָלפן, וועט איר אונז גיין זוכן.

נעמט פעשען פאַרן האַנט, לויפן אַוועק צווישן די ביימער.

רבקה

וואָלף, וואָלף, איך בין ברוגז אויף דיר. דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען געווען ביי אייך אין שטוב, און דו ביסט טאַקע נישט געווען... פאַרוואָס זענען נאָס דיינע האָר? וואָלף, פאַרוואָס ענט-פערסטו מיר נישט?

שטימע

פון וואַלד

שוין! שוין!

רבקה

זיי האָבן זיך שוין באַהאַלטן. קום, וואָלף, קום, מיר'ן זיי זוכן. איך בעט דיך. וועל איך אַליין גיין, אויב דו גייסט נישט.

וואָלף

פלוצלינג, ענערגיש

וואַרט, רבקהלע, איך גיי אויך.

רבקה

שרייט

וואַרט, וואַרט דאָרטן, באַלד קומען מיר!

וואָלף

קוקט איר אין די אויגן אַריין

זאָג, ווען האָסטו דאָ פריער געזען?

רבקה

קיינעם נישט, קיינעם נישט. מיר'ן דיר נאָר אָפּגעבאַרט.

וואָלף

קושט זי.

רבקה

ווייסט, וואָלף, איכ'ל אַליין גיין זוכן, און דערנאָך וועלן מיר זיך ביידע באַהאַלטן. גוט?

גיט אים א קוש און אנטלויפט אין וואלד אריין.

ריטעלע

איר שטימע צווישן די טראָסטענעס

וואָלף, קום צו מיר!

וואָלף

האַ? ווער איז דאָרט?

ריטעלע

איך, ריטעלע.

וואָלף

ווו ביסטו?

ריטעלע

אין דער טראָסטענע. איצטער איז מיר נאָך ענגער. איצטער איז מיר נאָך ערגער.

וואָלף

פאַרוואָס ביסטו אַוועק צוריק?

ריטעלע

זיי האָבן מיך פאַרטריבן.

שטימען

פון וואלד

שוין, וואָלף, מיר'ן זיך באַהאַלטן! שוין!

וואָלף

באַלד, באַלד!

ריטעלע

וואָלף! וואָלף!

וואָלף

קום אַרויס, ריטעלע, קום אַרויס!

ריטעלע

נאָר דו, נאָר דו קענסט מיך אַרויסנעמען.

וואָלף

ווי אַזוי, ריטעלע, ווי אַזוי?

ריטעלע

פרעג דיין האַרץ, וואָלף!

וואָלף

איכל ברענגען אַ קאָסע און אויסקאָסען אַלע טראַסטענעס.

לויפט אַוועק אין איין געלויף.

די דריי מיידלעך קומען אַנטוישטע פון וואַלד אַרויס.

דאָבע

וואָלף, ווו ביסטו?

פעשע

ווו איז וואָלף?

רבקה

אפשר האָט ער זיך באַהאַלטן, ער מאַכט זיך נישט הערנדיק.
איך וועל גיין אים זוכן.

לויפט צוריק אין וואַלד אַריין.

דאָבע

ווייסט, וואָלף וויל נישט רבקהן פאַר אַ כלה.

פעשע

איך מיין אויך, אַז ער וויל זי נישט פאַר אַ כלה.

דאָבע

האָסט געזען, ער איז נישט גוט צו איר.

דאָבע

ווייסט, איך קלער, אפשר האָט דאָס מיידל פריער אויסגעקוקט
וואָלפן? האַ, אפשר, וואָס זאָגסטו?

פעשע

טאַקע, אפשר.

דאָבע

ווער איז זי?

פעשע

טאַקע, ווער איז זי?

רבקה

איר שטימע פון וואַלד

וואָלף!.. וואָלף, ווו ביסטו? האַ — ווו ביס—טו?

דאָבע

אַ רחמנות אויף איר, איך וואָלט אים נישט געוואָלט פאַר אַ חתן.

פעשע

ער איז אַ שיינער. ער איז אַ שטאַרקער. אַזאַ חתן איז גוט צו האָבן. נאָר איינמאָל האָט ער מיך אַרומגענומען. אוי, האָט ער מיך אַרומגענומען — אַזש די ביינדלעך האָבן געקנאַקט.

דאָבע

אפשר וויל ער דיך גאָר פאַר אַ כלה?

פעשע

איך טראַכט וואָס פאַר אַ מיידל איז דאָ געווען.

דאָבע

איך טראַכט אויך.

רבקה

קומט אָן, האַלב ווייענדיק

ווו איז וואָלף?

דאָבע

ער איז נישטאָ אין וואַלד? ער איז דאָ אויך נישטאָ.

פעשע

האָסט אים גוט געזוכט?

רבקה

נישטאָ. איך האָב אים גערופן. ער האָט נישט געענטפערט.

פעשע

נעמט אַרום רבקהן

רו האָסט אים ליב, רבקהלע, שעם זיך נישט.

דאָבע

קומט, לאָמיר גיין אַהיים. מיר איז אומעטיק געוואָרן.

פעשע

אוי, זי וויינט. אוי, דו נאַרישער קאָפּ. ער האָט דאָך דיך ליב. איך ווייס, רבקהלע, אַז ער האָט אויף קאַטאָוועס זיך באַהאַלטן. קום, לאָמיר לויפן אים זוכן, אָדער ער איז אַוועק אַהיים. קומט!

אַלע גייען אַוועק מיטן שטעג.

וואָלף

קומט אָן מיט אַ זייטיקן שטעג, מיט אַ קאָסע אויפן אַקסל, גייט גלייך צום טייך, וויל זיך פאַרנעמען קאָסען און בלייבט אַ ווײַלע. הערט זיך איין.

ריטעלע

איך הער ווי דיין האַרץ קלאַפּט, וואָלף!

וואָלף

ווו ביסטו? ווו?

ריטעלע

אָט אָ דאָ בין איך, אָט אָ דאָ!

וואָלף

ווו — האַ?

ריטעלע

איר שטימע פלוצלינג פון וואַלד

אָט אָ דאָ בין איך, אָט אָ דאָ!

וואָלף

שטייט פאַרווונדערט, נעמט די קאָסע אויפן אַקסל, קלערט זיך לאָזן אין וואַלד אַריין.

דער נסתּר

קומט אים פּלוצלינג אַן אַנטקעגן פון וואַלד אַרויס.

וואָלף

בלייבט שטיין אַ צעטומלטער, קוקט אים אָן.

דער נסתּר

אַנו, וואָלף? קיין פיש נישט געכאַפּט; דאַוונען -- נישט געדאַוונט.
וואָס וועט זיין, וואָלף? וואָס וועט זיין פון אַזאַ בחור?

וואָלף

איך גיי שוין אַהיים.

אונטערטעניק און אונטערגעבראָכן נעמט ער די קאָסע אויפן אַקסל און לאָזט זיך גיין מיטן שטעג אין וואַלד אריין.

דער נסתּר

קוקט אים נאָך שווייגנדיק אַ ווײַלע, שפּעטער דעקט ער אָפּ זיין נאַקעטע פּלייצע און קלייבט אויס אַ פּלאַץ ביים ברעג, ווו עס ליגן שפּיציקע שטיינדלעך, און הייבט זיך אָן מיט דער פּלייצע וויקלען אויף זיי, שלאָגט זיך אין האַרצן: חטאתי... עויתי... פּשעתי... פון וואַלד דערטראָגט זיך דאָס בילן פון אַ הונט.

# צווייטער אַקט

## ערשטע בילד

זומער־פאַרנאַכט ביי אריהן אין שטוב. אַ גרויס צימער, ווענט פון נישט געשניטענע קלעצער. טיר און פענצטער אין הינטערגרונט. רעכטס אַ טיר אין אַ צווייטן צימער אַריין. פ ע ש ע, ר ב ק ה און ד אָ ב ע באַווייזן זיך אין טיר, אַלע דריי ווי פון פעלד־אַרבעט זיך אָפּגעריסן. מיט פעלד־בלומען אין די האָר.

פ ע ש ע

קיינער נישטאָ.

ד אָ ב ע

גוט וואָס קיינער נישטאָ. איכ׳ל זען ווי רבקהלע וועט טאַקע וויינען.

ר ב ק ה

אפשר וועל איך נאָך דאָ גאָרנישט וויינען

ד אָ ב ע

לאָמיר אַריינקוקן וואָס אין דער אַנדערער שטוב טוט זיך.

פ ע ש ע

אפשר באַדאַרפן מיר נישט אַריינקוקן אין פרעמדע שטיבער אַריין. וואָס זאָגסטו רבקה?

ד אָ ב ע

קיקט אריין

קיינער דאָרט נישטאָ.

ר ב ק ה

אַז איך װעל דאָ װױנען, איך װעל אויף די פענצטער מאַכן פאָרהענגלעך.

ד אָ ב ע

אָט איז װאָלפּס היטל!

פּ ע ש ע

זײַן װינטערדיק היטל. אַז ער פאַרשאַרצט דאָס היטל אַביסל אין אַ זײַט, פּאַסט אים אַזוי, אמת, רבקה?

ד אָ ב ע

הער, רבקה, דו האָסט געלײַקנט פריער, אַבי דו האָסט געזאָגט, אַז דו װילסט אים נישט פאַר קײן חתן.

פּ ע ש ע

איך האָב געװוּסט, אַז זי קוקט אויס די אויגן נאָך אים.

ר ב ק ה

דו, דאָבעלע, ביסט בײַ מיר צו די תּנאים נישט געװען. איך װײס פאַרװאָס.

ד אָ ב ע

איך האָב געזאָגט, אַז צו די תּנאים װעל איך נישט קומען. מײדלעך באַדאַרפן נישט קומען. אַ חתונה איז עפּעס אַנדערש. װעסט זען, אַז איך װעל קומען מיט דרײַ טעג פריער און איך װעל דיר העלפן די שטוב אויספּוצן.

פּ ע ש ע

װאָס רעדט מיט דיר עפּעס װאָלף?

ר ב ק ה

פאַר די תּנאים האָט ער מיט מיר גערעדט, איצטער רעדן מיר גאָרנישט. פאַר די תּנאים האָט ער מיך ליבער געהאַט װי איצטער.

ד אָ ב ע

נישט אמת, רבקהלע. ער האָט דיך נאָך איצטער אויך ליב.

איך ווייס. ער איז אַזאַ שטאַרקער, ער איז ווי אַ דעמב אַ שטאַר־קער. דיר וועט זיין גוט, אַז ער וועט זיין דיין מאַן.

פעשע

וועסט נישט מורא האָבן צו וווינען מיט אים אין וואַלד, רבקה?

דאָבע

מיט וואָלפן באַדאַרף מען שוין נישט האָבן קיין מורא. וואָלף איז אַ וואָלף. איי, רבקה, ווען דו זאָלסט ווּיסן וואָס וואָלף איז! איי, רבקה, איי, רבקה! קום, לאָמיר נאָך עפּעס זוכן אין שטוב. זיין האַק!

פעשע

אוי, סאַראַ גרויסע שווערע האַק! נאָר וואָלף קען מיט אַזאַ האַק האַקן האָלץ.

רבקה

מיט דער האַק האַקט ער ביימער.

דאָבע

אָט איז זיין פייפל! אָט דאָס איז זיין פייפל, באַלד וועל איך עפּעס שפּילן... אוי, איך קען נישט.

פעשע

איך האָב אַזוי ליב צו הערן ווי ער פייפט. גיב מיר, איך וויל פּרוּוון...

זי פּרוּווט שפּילן און עס קומט גאָרנישט אַרויס.

דאָבע

פּרוּוו דו, רבקהלע, אפשר וועסטו קענען.

רבקה

פּרוּווט בלאָזן און עס קומט גאָרנישט אַרויס.

פעשע

אָט איז אַ קעסטל אונטערן באַנק, וואָס קען ער דאָרט האָבן?

דאָבע

וואַרט, וועל איך באַלד זען.

ר ב ק ה

קוקט אומצופרידן.

ד אָ ב ע

רבקהלע, ווילסט נישט מיר זאָלן זען וואָס ער האָט דאָרטן?

ר ב ק ה

שווייגט.

ד אָ ב ע

ער איז דאָך דערווייל נאָך נישט דיין מאַן, מיר מעגן אַריינ-קוקן.

ר ב ק ה

ווערט ברוגז. גייט פּלוצלינג אַרויס פון שטוב.

פּ ע ש ע

רבקה! וואָס ביסטו אַוועקגעגאַנגען?

ד אָ ב ע

מיך אַרט נישט, וואָלף איז מיינער אויך. וואָלף האָט מיך אויך ליב. מיך אַרט נישט, איך מעג געבן אַ קוק.

פּ ע ש ע

אַרויסגייענדיק

איכ'ל זי אַריינרופן.

ד אָ ב ע

עפנט אויף שנעל דאָס קעסטל און דאָס ערשטע פאַלט איר אריין אין דער האַנט אַ תּפילין-זעקל, ווערט עפּעס אַליין צעטומלט, פאַרשעמט זיך — פאַר זיך אַליין.

פּ ע ש ע

פירט אריין ביים האַנט רבקהן.

ד אָ ב ע

זעסט, זיינע תּפילין האָב איך געפונען. זיי מיר מוחל, רבקהלע, איך בין נישט שולדיק.

פעשע

ער דאַוונט אַלע טאָג. ער איז אַ פרומער.

רבקה

באַטראַכט אויך דאָס תפילין־זעקעלע.

פעשע

קינדער, וואָלף קומט!

מען באַהאַלט שנעל צוריק די תפילין.

וואָלף

קומט אַריין מיט אַ פעסטן טריט, טראָגט אַ צווייג מיט ווילדע באַר־נעלעך.

דאָבע

אָט איז וואָלף!

וואָלף

וואָס טוט איר דאָ, מיידלעך?

פעשע

מיר האָבן באַקוקט דיין היים.

דאָבע

מיר זענען געקומען דיר אָפּגעבן מזל־טוב, וואָלף. דו ביסט דאָך אַ חתן, מזל־טוב דיר, וואָלף!

פעשע

מזל־טוב דיר, וואָלף!

וואָלף

דאָבע, געפין אַ חתן, און האָב חתונה.

פעשע

און איך?

וואָלף

דיך וועט קיינער נישט וועלן. דו ביסט אַ שלעכטע.

פעשע

אַדרבה, זאָג, רבקהלע, בין איך אַ שלעכטע?

ר ב ק ה

גיב מיר, וואָלף, דעם צווייג, וועל איך אים אויפהענגען אי־
בערן טיר.

טוט עס.

פ ע ש ע

שפּירט זיך אומבאַקוועם

קום, דאָבע, שוין אַהיים.

ד אָ ב ע

וואָס איילסטו זיך, מיר גייען מיט רבקהן.

פ ע ש ע

רבקה איז דאָך אַ כּלה. זי קען דאָ איבערבלייבן. וואָלף וועט
זי אָפּפירן אַהיים.

ד אָ ב ע

איך קען דאָ אויך זיין. ביז פּאַר צוויי וואָכן האָב איך געמעגט
קומען צו וואָלפן, מעג איך איצטער אויך. וואָס, נישט, וואָלף?

לייגט אַ האַנט אויף זיין אַקסל און קוקט אים מיט בענקשאַפט אין
די אויגן.

פ ע ש ע

דו גייסט צי ניין, דאָבע?

ד אָ ב ע

עס מאַכט נישט אויס. וואָלף פלעגט קומען צו אונז. איך בין
דאָ נישט איינמאָל געווען. פאַרוואָס טאָר איך איצטער דאָ נישט
זיין? פונדעסטוועגן צו דער חתונה וועל איך קומען טאַנצן, יאָ,
רבקהלע?

פ ע ש ע

ציט זי ביים אַרבל אַרויס פון שטוב.

ר ב ק ה

איך האָב זי פיינט, פיינט, איכל דער באָבען די האָר אַרויס־
רייסן. זי האָט נישט וואָס צו זוכן דאָ אין שטוב. האָט אַלצ־
דינג פון אומעטום אַרויסגעשלעפּט, אַרומגעקוקט און אַרומגע־
שמעקט. געקוקט צו דיר אין קעסטל אַריין.

וואָלף

זיי נישט אין כּעס, רבקה. בּיסט מיט זיי חבר־לאַווער, מעגן זיי.

רבקה

איך וויל איצטער מיט זיי נישט זיין מער חבר־לאַווער.

וואָלף

נעמט זי ביים האַנט

דו קענסט זיין אַ שלעכטע, רבקה? איכל דיך שלאָגן, אַז דו וועסט זיין אַ שלעכטע.

רבקה

איך ווייס צו ווען איך בּאַדאַרף זיין גוט און צו ווען איך בּאַדאַרף זיין שלעכט. זענען מיר אַמישנע נאָכגעגאַנגען. קיינמאָל קומען זיי נישט צו מיר, נאָר אַז זיי האָבן זיך דערוווסט, אַז דו קומסט, זענען זיי מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי גוט צו מיר.

וואָלף

גיי רוף זיי אַריין צוריק.

רבקה

אַזוי גאָר! מיינסט טאַקע מיט אַן אמת?

וואָלף

לאַכט צופרידן, נעמט זי צו זיך

ווייסט, רבקה, איך טראַכט, דו וועסט מיך מאַכן פאַר אַ מענטשן. דו זיי אַ ברען און פאַרשטיי, ווו איך גיי און ווו איך שטיי... דו זאָג: נעם, וואָלף, קריך אַרויף אויף יענעם הויכן בוים און האַק פאַר מיר אַראָפּ אַלע טרוקענע צווייגן און ברענג מיר, וואָרים איך וויל דעם אויוון איינהייצן אויף חלות מיט די צווייגן פון יענעם שפּיץ־בּוים — וועל איך אַרויפקריכן. דאָס האָב איך ליב. וועסט זיין מיין ווייב, וווינען אָט אָ דאָ טאַקע אין שטוב, אָבער מיך זאָלסטו האַלטן שטאַרק, אַנישט וועט מיך דער ווינט פון דיר אַוועקטראָגן אין מיטן העלן טאָג. קענסט נאָך נישט וואַלפס וועגן דאָ אין וואַלד.

רבקה

צו דיר וועל איך קיינמאָל נישט זיין שלעכט.

וואָלף

צו וועמען דען וועסטו זיין שלעכט? צו דאָבען? צו פעשען? און צו וועמען נאָך? און אַז עמעצער נעמט און קומט אין דער שטיל צו וואָלפן — נעמט און קומט, וואָס וועסטו דעמאָלט טון?

רבקה

האַ?

וואָלף

ווילסטו וואָלפן פאַר אַ מאַן? ער איז אַ שלעכטער, אַ שלעכטער.

רבקה

דו ביסט אַ גוטער. איך ווייס, אַז דו ביסט אָן אַ גאַל. דערי־בער האָב איך דיך ליב. דעריבער אַרט מיך נישט, וואָס איכל באַדאַרפן אָנקומען אַהער ווינען.

וואָלף

און אַז איך וועל אינמיטן דער נאַכט אַוועקגיין?

רבקה

זען, צי מען האַקט נישט קיין ביימער אין וואַלד?

וואָלף

עמעצער וועט קומען אין דער שטיל ביינאַכט מיך רופן הינטערן פענצטער: וואָלף, וואָלף! וועל איך זיך אַרויסגנבענען און אַוועקגיין.

רבקה

וועל איך אָנטון אַ גרויסן פעלץ און אויך מיט דיר אַרויסגיין.

וואָלף

פאַרוואָס גייסטו איצטער נישט אַרויס צו מיר ביינאַכט?

רבקה

איצטער האָב איך מורא אַליין ביינאַכט. אָבער אַז דו וועסט זיין מיין מאַן, וועל איך נישט האָבן קיין מורא. איכל נעמען דיין האַק און וועל מיט דיר אַרויסגיין אין וואַלד אַריין.

וואָלף

איי, דו פאַרשטייסט נישט.

רבקה

דו וועסט זיך בייַנאַכט אַרויסגנבענען און מיך אַליין איבערלאָזן?

וואָלף

איך וועל מאַכן אַ גרויסן קאַנטשיק — אָבער גאָר אַ לאַנגע בייטש, ווען דו וועסט מיט דער בייטש טרייבן דורכן וואַלד אַהיים.

רבקה

גלעט זיין קאָפּ

ניין, דו ביסט נישט קיין שלעכטער, דו וועסט מיך אינמיטן ווינטער בייַנאַכט נישט לאָזן אַליין. אפילו זומער אויך נישט. איך וועל דיר האָבן אַ קינד, און דו וועסט זיין לעבן מיר. ניין, דו וועסט מיך נישט איבערלאָזן אַליין בייַנאַכט אין וואַלד, ניין, ניין.

וואָלף

גייסט אַמאָל צום טייך, דאָרטן פון דער אַנדערער זייט וואַלד?

רבקה

איך ווייס ווו דו מיינסט. אַוודאי גיי איך אַהין.

וואָלף

דו זעסט דאָרט קיינעם נישט?

רבקה

האַ?

וואָלף

קושט זי

וואָס שמעקט פון דיין פנים.

רבקה

נו, וואָס?

וואָלף

דאַכט זיך, וואַלד, און אפשר דאַכט זיך גאָר ווייַנפּערלעך, אָדער שוואַרצע יאַגדעס. ניין, פּוטער מיט ברויט און עפּל אויך.

רבקה

האַ ?

וואָלף

גיי אַלע מאָל צום וואַסער דאָרטן, וועט פון דיר שמעקן מיט וואַסער־קווייטן.

רבקה

פלוצלינג

וואָלף, איך ווייס עפּעס וואָס! איך האָב געזען. איך האָב זי געזען. ווער איז זי, וואָלף? דו מוזט מיר זאָגן.

וואָלף

כ'האָב געלאַכט, רבקה.

רבקה

איך ווייס עפּעס, איך ווייס.

וואָלף

דו מיינסט אַן אַלטן אָפּגעריסענעם יידן, וואָס קומט אַרויס צום טייך? האַ, דאָס מיינסטו? האָסט קיינעם נישט געזען? איך לאַך. רבקהלע, פון דיינע באַקן שמעקט מיט וואַסער־קווייטן... דו הער נישט וואָס איך זאָג, הער זיך נישט איין...

רבקה

איך האָב עמעצן געזען ביים טייך, נישט דעם עלטערן יידן, איך ווייס.

וואָלף

דו האָסט קיינעם נישט געזען, דאָרט איז קיינער נישטאָ. דו קענסט דאָך אַלעמען דאָ — אַלע הייזער און אַלע מענטשן. קענסט פעשען, דאָבען, קענסט בייליען, קענסט דאָך אַלעמען.

רבקה

ווייסט גאָר וואָס. שפּיל עפּעס אויפן פייפל. אָט איז דיין פייפל וויל איך דיר גלייבן.

וואָלף

נעמט זיין פייפל און הייבט אָן צו ציען ווילד־אויסגעצויגענע טענער.

רבקה

וואָס שפּילסטו אַזוינס?

וואָלף

שפּילט.

רבקה

אוי, דאָס איז דאָך ווי דער ווינט אין אַ פינצטערער אָסיען־נאַכט. אוי, דאָס איז ווי נישט־גוטע ערגעץ בייַנאַכט אין וואַלד. שפּיל נישט, איך האָב מורא.

וואָלף

אַזוי פייפט דער ווינט אין אָסיען צווישן די נאַסע ביימער.

רבקה

דער ווינט איז עפּעס אַנדערש.

וואָלף

איצטער קען איך נאָר שפּילן אַזוינע זאַכן...

רבקה

ווילסט מיך איבערשרעקן.

וואָלף

הערסט, רבקה, איך האָב אַמאָל געזען ווי אַ יאַסטרעב, אַ גרויסער, איז געזעסן רייטנדיק אויף אונזער האָן, און מיט די נעגל האָט ער זיך אייַנגעגעסן אין זייַן פלייש פון ביידע זייטן פליגל און האָט שוין געוואָלט אַוועקפליען מיטן האָן, ער האָט נישט געזען ווי איך גנבע זיך אין דער שטיל. איך האָב אים אַ כאַפּ געטון ביים האַלדז און אָט אַזוי האָב איך אים מיט מיין האַנט אויפגעהויבן, אַז דער האָן האָט זיך נאָכגעשלעפּט, פאַרטשעפּעט אָט אַזוי האָב איך געטון.

נעמט זי פאַרן האַלדז.

רבקה

דערשרעקט זיך, לויפט אָפּ אָן אַ זייט.

וואָלף

נאַרישע רבקה, איך וויל דיר נאָר באַווייזן, ווי אַזוי איך וועל

טון מיט דעם, וואָס וועט דיר שלעכטס טון. האָב נישט קיין מורא. קום צו מיר, רבקה.

ר ב ק ה

פון ווייטן

ביסט נישט דער אייגענער וואָס געווען. ביסט נישט מער אַזוי פריילעך ווי דו ביסט געווען. איך האָב דיך ליב, וואָלף, נאָר עפּעס האָב איך מורא פאַר דיר. אפשר געפעלט דיר נאָך איצ־טער דאָבע — אַרט מיך נישט. מיינסט וואָס, אויב דו ווילסט, אויב...

ווישט די טרערן.

ו ו אָ ל ף

עך, דו נאַרישע רבקה! פאַרשטייסט נישט, גאָרנישט. קום צו מיר, רבקה, דו נאַרישע מויד. עך, קום צו מיר.

ר ב ק ה

בלייבט אויף איר אָרט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

ו ו אָ ל ף

קוקט אַרויס דורכן פענצטער.

ר ב ק ה

גייט צו אים, קוקט אים אָן נאַיוו, ווי זי וואָלט וועלן פון אים עפּעס אויספאָרשן מיט די בליקן.

ו ו אָ ל ף

באַלד, אָט וועל איך דיר שפּילן און דו וועסט טאַנצן, גוט?

ר ב ק ה

איך גיי שוין אַהיים. וואָלף, וועסט קומען צו אונז ביינאַכט?

ו ו אָ ל ף

נעמט זיין פייפל און הייבט אָן שפּילן אַ פריילעכס און ווינקט צו רבקהן זי זאָל אַרויסגיין טאַנצן.

ר ב ק ה

אירע אויגן צינדן זיך אָן, נעמט די הענט אונטער די באָקעס או,

לאָזט זיך אַוועק טאַנצן, ער בייט זיין שפּילן, אַמאָל מיטז פּייפל, אַמאָל מיט די פינגער אין מויל, ענדיקט ער דעם טאַנץ.

ר ב ק ה

טאַנצט מיט אימפּעט.

ו ו אָ ל ף

מיט אַ פרעמדן בליק קוקט ער איר נאָך.

ר ב ק ה

באַמערקט עס, רייסט איבער פּלוצלינג דעם טאַנץ, קוקט זיך אַרום פאַרוווּנדערט און צעשראָקן. אין יענער צייט באַווייזט זיך אין טיר אַן אַלטע פרוי מיט אַ פּעקל אויף דער פּלייצע.

פ ר ו י

אַ גאָט־העלף!

ר ב ק ה

וואָס איז געשטאַנען מיט דער פּלייצע צום טיר, דערשרעקט זיך, אַ געשריי געבנדיק.

פ ר ו י

אַזוי דערשרעקט מען זיך פאַר אַ יידיש קינד? ציג דו איינע...

ו ו אָ ל ף

גייט איר אַנטקעגן, העלפט איר אַראָפּנעמען דאָס פּעקל.

פ ר ו י

אַביסל פאַרמאַטערט. געליבט איז דער אויבערשטער. ווידער דאָ. שוין אַ יאָר זיבן אין דעם געגנט נישט געווען. געווען, ווען דיין מאַמע האָט נאָך געלעבט, געווען אַ קליין יינגל, איצטער אויסגעוואַקסן. אַ כלה — וואָס?

ו ו אָ ל ף

מיין כלה, נישט ווייט פון דאַנען איר היים.

פ ר ו י

קושט רבקהן

טאַכטער, דוכט מיר, אַז דו ביסט דעם שענקערס אַ קינד. דאָרט

ביים וועג, געווען ביי אייך הײַנט. זאָגט־זשע מיר, ווען וועט טאַקע זיין מיט מזל די חתונה?

וואָלף

נאָך סוכּות.

פרוי

די כּלה דערקוויקט מיך נישט. זלפּה איז מיין נאָמען. געדענק דיך, ווען דו ביסט געווען גאָר אַ פּיצעלע. וואָלט וועלן אַ פרישן טרונק וואַסער.

וואָלף

איך וועל אייך אַריינברענגען אַ פרישן טרונק וואַסער.

גייט אַרויס, מיטנעמענדיק דעם עמער.

פרוי

גייסט אַליין צו דיין חתן? שאַדט נישט, אַבי ס'וועט זייז מיט מזל חתונה. אַליין גייסטו אַהער?

רבקה

מיינע חברטעס דאָ געווען, זענען דאָ פאַראַן. איך וועל זיי באַלד אַריינרופן דורכן פענצטער. דאָבּע! דאָ־בּע! פעשע! פע־שע!

וואָלף

קומט אַריין מיט אַן עמער וואַסער, שעפּט אָן אַ קוואָרט און דערלאַנגט דער אַלטער.

פרוי

מאַכט הויך אַ ברכה און קוויקט זיך מיטן טרונק.

פעשע

שרייט דורכן פענצטער

איך וואַרט אויף דיר, רבקהלע. דו גייסט אַהיים?

רבקה

איך גיי, איך גיי!

לויפט אַרויס פון שטוב צעטומלט.

פרוי

הייסט עס, דאָס איז דיין כּלה. פיין, פיין. וועסט חתונה האָבן,

פיין, פיין. אָט־אָ דאָ אין דער שטוב מסתמא וווינען. פיין, פיין. איך וועל מיר דאָ אָנלייגן אַ פייער און אָפּקאָכן וועטשערע. האָב אַביסל בעבלעך־שטרוטשקעס און אַביסל גרויפּן.

וואָלף

וועל אַריינברענגען מיט וואָס אַ פייער אָנצולייגן.

פרוי

יאָ, מיין זון, וועל אָפּקאָכן אַביסל מער, וועט זיין פאַר נאָך עמעצן.

באַקומט פון איר פּעקל בעבלעך־שטרוטשקעס, זוכט אויף אַ כלי און שיילט זיי.

וואָלף

איר'ט קריגן ביי אונז וואָס צו עסן. באָבע, עס פעלט נישט.

פרוי

אַזוי איז מיין שטייגער. ווּהין איך קום — מאַך איך מיר אַליין אָן עסן. ווייס שוין וואָס מיר איז געשמאַק. געליבט איז דער איבעריקער.

וואָלף

איך וועל אייך אַריינברענגען טרוקענע שפּענער.

גייט אַרויס.

פרוי

באַלעבאַטעוועט אין שטוב ווי אין אייגענע. פאַרקוקט און שמעקט די טעפּלעך, גייט אין אין אַנדער חדר, קומט פון דאָרט מיט אַ זיפּ. פּאַטשט אין זיפּ און בלאָזט דעם שטויב אַראָפּ, געפינט אַ זעקעלע גרויפּן און הייבט עס אָן איבערצווזיפּן.

אריה

קומט אַריין

האַ־האַ, געקומען ווידעו אַהער. שוין לאַנג דאָ נישט געווען.

פריי

זיבן יאָר.

א ר י ה

אין צייט געקומען. מאַך חתונה מיין זון.

פ ר ו י

געזען. אַ שיינע כּלה.

א ר י ה

נאָך יום־טובים — די חתונה. נישטאָ דאָ מיין זון?

פ ר ו י

געגאַנגען מיר העלצלעך אַריינברענגען. מאַכן אַביסל געקעכץ

א ר י ה

וואָלט מען אפשר בלייבן ביז איבער דער חתונה? אפשר גע־
האָלפן אים מאַכן חתונה? אַ יושר געוועזן. וואָס־זשע זאָגט איר?

פ ר ו י

מ׳עט זען. מ׳עט זיך קענען נאָך אומקערן ביז דער חתונה.

א ר י ה

נישטאָ ווער ס׳זאָל עפּעס טון אין שטוב. אַ חתונה — איז אַ
חתונה. כאָטש דער מחותּן זאָגט, אַז ער וועט אַלץ אַליין
זדאָנזשען.

פ ר ו י

אַזוי לאַנג אַוועק נאָך עטלעכע שפּענער. קאַרג פאַראַן אַרום
שטוב?

א ר י ה

אָט־אָ וועל איך אַליין גיין. אָט באַלד וועל איך אָנשטשופּע
קינעלעך.

ו ו אָ ל ף

קומט אַריין מיט שפּענער

אָט איז האָלץ. קאָכט נאָר אַ געשמאַקע זאַך.

א ר י ה

לאַנג שוין קיין געקעכץ נישט געגעסן. צו דער עלטער איז גוט
אַביסל וואַרעמע געקעכץ.

פרוי

זוען נאָך עטלעכע שוועמלעך וואָלט איך נאָך קריגן. נישטאָ קיין שוועמלעך אַרום שטוב?

אריה

אַרום שטוב — ווי אַרום שטוב, אָבער אַביסל ווייטער געפינען זיך שוועמלעך. כאָטש פאַרנאַכט כאַפּט שוין ווערימדיק.

פרוי

וועט דער חתן אָנלייגן אַ פייער און איכל מיר אַרויסכאַפּן צווישן די סאָסנע־ביימער, וועל איך נאָך געפינען אַ פּאָר שוועמלעך. זיין אַ פיינער מאכל.

גייט אַרויס.

וואָלף

פאַרנעמט זיך מיט פייער, די הענט קלעפּן זיך נישט.

אריה

מיין זון, נישט רעכט אַליין ביינאַכט אומצוגיין אין וואַלד. היינט ביינאַכט וועל איך גיין אין וואַלד.

וואָלף

ווער איז די יידענע?

אריה

ווי הייסט ווי דען — קען זי גוט. איז דאָ אַלע פּאַר יום־טובים דורכגעגאַנגען. וועל גיין איר העלפן זוכן שוועמלעך.

גייט אַרויס.

וואָלף

בלייבט אַליין. דאָס פייער האָט זיך אים נישט איינגעגעבן. ער נעמט זיין פייפל און הויבט אָן שפּילן.

ריטעלע

באַווייזט זיך אין טיר.

וואָלף

פאַרגאַפּט קוקט זיך אָן. גייט שווייגנדיק צום פענצטער און זעצט זיך אַנידער.

רי טעלע

גרינג ווי אַ ווינטל לויפט זי צו אים און זעצט זיך אויף זיינע קני.

וו אָלף

בעטנדיק

ריטעלע, גיי אַוועק פון מיר.

רי טעלע

האָסט מיך גערופן, געהערט דיין פייפל. איך האָב דערקענט — דו בענקסט. וואָלף, ווען דו בענקסט, גיי איך צו דיר. איך בין פריי, ווען איך דערהער נאָר דיינע טריט. ווען איך הער נאָר דיין נאָמען, בין איך פריי, בין איך פריי ווי איצטער.

וו אָלף

רבקהלע איז דאָ איצטער געוועז. זי איז מיין כלה.

רי טעלע

איך ווייס, איך ווייס. איצט וואַקס איך. ווער איך גרעסער, איצטער בין איך שוין מער נישט אין דער טראָסטענע. מיין וואָלף, מיין דעמב, דו ביסט אַ דעמב. דו ביסט גאָר אַ סאָסנע.

וו אָלף

וויל זיך פון איר באַפרייען, נאָר זי האָט זיך ארומגעקלאַמערט ארום זיין האַלז און ער פילט זיך אונטערטעניק און הילפלאָז.

רי טעלע

אוי, דער מענטש מיט זיין הונט. ער קומט צום טייך. איך האָב מורא פאַר אים. איך האָב מורא. ער קאַטשעט זיך אויף דרערד. צעבלוטיקט זיך, איך האָב מורא פאר איי־

וו אָלף

פרווט נאָכאַמאָל אַראָפּנעמעז אירע הענט פון זיין האַלז, אָבער עס געלינגט אים נישט.

רי טעלע

איך וויל אַזוי שלאָפן. אַ ווינט האָט געבלאָזן אַ גאַנצע נאַכט.

געוויגט, געוויגט זיך אַ גאַנצע נאַכט. איצטער בין איך אַ קליין קינד. איצטער בין איך אַ קליין קינד...

שלאָפט איין אויף זיינע הענט.

## וואָלף

הילפלאָז ווייסט נישט וואָס צו טון מיט איר. פון דרויסן הערט מען דאָס געזאַנג פון די דריי מיידלעך.

# צווייטער אַקט

## צווייטע בילד

אָסיען, נאַכט, ביי אריהן אין שטוב. אויפן קוימען ברענט אַ פייער אויפן טיש ברענען צוויי ליכט אין הויכע, אויסגעשייערטע מעשענע לייכטער. זלפה עסקט זיךביים פייער. אריה קומט אַריין פאַרהאָרעוועט.

זלפה

גאָט איז מיט אייך, איר מאַכט דאָך חתונה אַ זון היינט ביי נאַכט, ווו זענט איר אַהינגעקומען? און ווו איז דער חתן?

אריה

קומט איצטיקע צייט, באַווייזן זיך גנבים. האַקן ביימער, ווייסט אַז איך בין פאַרנומען. מען באַדאַרף אַכטונג געבן.

זלפה

ווו איז דער חתן?

אריה

האַ, וואָלף? איך האָב אים נישט געזען דעם גאַנצן טאָג.

זלפה

איך האָב אָפּגעבאַקן קיכלעך פון אַביסל מעל, וואָס איך האָב געפונען.

אריה

סטייטש. פאַראַן גענוג מעל.

זלפה

פאַרפאַלן, נישטאָ שוין ווען. אָט באַלד, אָט באַלד וועט זיין נאָך אַלעמען.

אריה

אַ שאָד, נישט געווען ווי אַזוי די טאָכטער זאָל קומען. באַפוילן, בוּ, האָט זי פּונקט געהאַט אַ קינד, געקומען צו זיי אַ סך מענטשן. אַן עולם יידן ווייזט אויס.

זלפה

די שטוב איז דאָ גרויס — אָבער אַ פּוסטע.

אריה

אַלט געוואָרן, אַמאָל נישט געווען פּוסט. אַמאָל געווען די שטוב פול. געווען זעק מיט קאַרטאָפל, געווען זעק תּבואה. אונטערן קאַטוך — הינער, מיט קאַטשקעס, מיט געגנז. אפשר, אַז דער וואָס אין הימל וועט געבן. וואָלף נאָך דער חתונה, מען וועט אַריינציען אַהער. אפשר, גאָט וועט געבן. איך האָב עגמת־נפש פון אים. קיינמאָל נישט געהאַט קיין עגמת־נפש — און איצט... עפּעס מיט אים, איך ווייס נישט וואָס. האָט דאָך נישט געוואָלט די כּלה.

זלפה

אַ שיינער זון.

אריה

אומגעגאַנגען אין וואַלד דעם גאַנצן טאָג. געמיינט איך וועל אים באַגעגענען, דעם אַלטן יידן, מיין איך. זע אים אָפּטער אין וואַלד. געוואָלט אים פאַרבעטן. זאָל ער זיין ביי מיין קינד אויף דער חתונה.

זלפה

ווו־זשע איז דער זון?

אריה

מען וועט באַדאַרפן אַ קוק געבן. אפשר איז ער אַהין אַוועק־געגאַנגען

זלפה

ווען איר קענט מאַכן אַ נייעם בעזעם, וואָלט איך אויסגעקערט די שטוב. בעסער צו קערן די שטוב אין אַזאַ צייט מיט אַ נייעם בעזעם.

אריה

אָט גיי איך, אָט וועל איך מאַכן אַ נייעם בעזעם. וואַקסט טאַקע אַ בערעזע גלייך הינטערן שטוב.

גייט אַרויס. מען קלאַפּט אין פענצטער.

זלפה

ווער איז דאָרט?

ריטעלע

קומט אַריין.

זלפה

האַ, ס'אַראַ ליכטיקע נשמה! ס'אַראַ קליידל? פון דער כלהס צד?

ריטעלע

דרייט זיך

וועט פּאַסן פאַר היינט ביינאַכט?

זלפה

כי-כי-כי. אַן אויסטערליש קליידל, גרין ווי גראָז, ממש. און גאָר טשיקאַווע ביי דיר די האָר געמאַכט. קומסט דאָך פון דאָרטן. טאָ וואָס הערט זיך דאָרטן?

ריטעלע

דאָרטן — איז דאָרטן.

זלפה

און דער חתן איז נאָך נישט גרייט. איז נישטאָ. גייט גאָר אום אין וואַלד אין אַזאַ טאָג.

ריטעלע

אים רופט מען וואָלף. קיין מאַמע?

זלפה

דורכגעגאַנגען, געזען — מאַכט חתונה אַ קינד, נישטאָ קיינער פון דאַנען אַהין. אָט האָב איך אויסגעבאַקן פון אַ שושקע־פּול־ווער, פון גאָרנישט, זעסט קיכלעך? ווילסט אפשר פאַרזוכן אַ קיכלע? טאָ וואָס־זשע טוסטו דאָ? טאַנצסט נישט מיט די מיידלעך? כ׳האָב גריילעך געגאַרט הערן כּלעזמאָרים.

ריטעלע

איך וויל אַ שמעק טון אַ קיכעלע.

זלפה

פאַרזוך דיר אַ קיכעלע, אויב דו ווילסט.

ריטעלע

נאָר אַ שמעק טון.

שמעקט די קיכלעך מיט הנאה.

זלפה

טשעקאַווע דיין קליידל. און אַזויפיל גראָז האָסטו איינגעפלאָכטן אין די האָר. ווייסט, קינד, איך וואָלט דיר געדעדט אַ שידוך, ווען איך ווייס נאָר ווער דיין טאַטע־מאַמע זענען.

ריטעלע

ענטפערט נישט אויף דער אַלטערס ווערטער. איז אומעטום פול. דאָ אַ פאַרקוק, דאָ אַ שמעק, פוילט זיך נישט און קריכט אַרויף אויף אַ באַנק און פאַרקוקט וואָס אויף די פּאַליצעס טוט זיך. זינגט אַליין פאַר זיך אַ ניגון, וואָס איז מער ענלעך צום פייפן פון ווינט אין אַ אָסיען־נאַכט.

זלפה

סטייטש, דו ביסט דאָ? ווילסט זען דעם חתן, איידער ער גייט צו דער חופּה? ביסט אַ שטיפער אַ מיידל, מען באַדאַרף דיר די באַקן דיינע אָנקנייפּן.

וויל כאַפּן ריטעלען.

ריטעלע

לאָזט זיך נישט. שוועבט פון ווינקל צו ווינקל.

זלפה

ווילסט זיך מיט דער אַלטער זלפהן יאָגן? קינד וואָס דו ביסט, אין דיינע יאָרן אפשר וואָלט איך עס שוין געטון.

ריטעלע

נעמט אַרויס פון אירע האָר גראָזן און לייגט אַנידער אויפן טיש די אַלטע זאָל נישט באַמערקן.

זלפה

גיי, מיין קינד, אַהין, נישט רעכט פאַר דיר אָט־אָ דאָ איצטער צו זיין. קיין עין־הרע, קיין בייז אויג. גיי, גיי!

טרייבט ריטעלען מיטן פאַרטעך אַרויס פון שטוב. דאָס ווייטע שפּילן אויף אַ פלייט דערטראָגט זיך, די אַלטע נייגט איר אויער, הערט זיך צו פאַרגאַפט.

אריה

קומט אַריין מיט אַ נייעם בעזעם

אָט איז אַ נייער בעזעם, איך וועל טאַקע אַליין אויסקערן.

זלפה

און דער חתן ווו איז?

אריה

ער גייט. כ׳האָב אים שוין געזען. ער האָט, זאָגט ער, זיך פאַרשפּעטיקט.

זלפה

וועל איך זיך אַהין אַריבערכאַפּן, הערן ווו מען האַלט.

וואָלף

קומט אַריין. צערודערט.

זלפה

האָסטו געהערט אַמאָל אַ חתן? אַ חתן זאָל פאַרפאַלן ווערן. נו שוין, ריר זיך, באַלד וועט מען קומען. איכל גיין געוואָר ווערן וואָס דאָרטן הערט זיך.

גייט אַרויס.

וואָלף

נעמט ביים פאָטער צו דעם בעזעם

גיב, טאַטע, איכל קערן די שטוב.

אריה

אָט־ט דאָרטן האָב איך שוין געקערט.

וואָלף

מען באַדאַרף גוט אויסקערן, מען באַדאַרף מאַכן עס זאָל זיין גוט אויסגעקערט.

אריה

פאַסט, זון מיינער?

וואָלף

איך פאַסט, אַוודאי.

אריה

וואָס הערט זיך אין וואַלד?

וואָלף

מען האַקט ביימער.

אריה

מען ווייסט, ביי דיר איז חתונה, דער קאָפּ פאַרדרייט. ווען דעם גאַנצן וואַלד אויסהאַקן.

וואָלף

איכ׳ל מער דעם וואַלד נישט היטן. זאָל מען אים האַקן.

אריה

אַזויפיל יאָרן איינגעהיט.

וואָלף

איצט וועל איך אַליין אַלע טאָג אויסהאַקן אַ דעמב.

אריה

מיין זון, ווי פּאַסטו גאָר אויס צו זאָגן אַזאַ זאַך?

וואָלף

וואַרפט דעם בעזעם

וואָס באַדאַרף איך איצטער טון, טאַטע?

אריה

וואַש דיך אַרום, פּוּלע זיך אָפּ, קעם אויס דעם קאָפּ.

ער אַליין ציט אויף זיך אַרויף אַ ריינערע קאַפּאָטע און מאַכט אַ טאָלק מיט דער פאַרפלאָנטערטער באָרד, וואָס עס קומט אים אָן שווערלעך.

וואָלף

שיט אַריין זאַמד אין אַ שיסל, גיסט אָן וואַסער און שייערט די הענט.

אריה

אָט דאָס איז גוט אַזוי... אוי — אוי, אַז ס'זאָלן עס גאָר קיין מחותּנים נישט זיין. ממש די הויט ברענט אויף מיר.

וואָלף

האָט זיך אַרומגעוואַשן, געפּינט אַ שטיקל קאַם און קעמט זיינע האָר.

אריה

באַטראַכט אים

באַדאַרפט גיין אין דאָרף אַריין, אונטערהאַקן אַביסל די האָר לכּבוד דער חתונה.

וואָלף

ס'עט שוין זיין גוט. איצטער, טאַטע, טו אַ טרייסל אַזוי מיט די ביינער און ווער יונג. אָט אַזוי — טו אַ שטעל אַ פוס און באַווייז, אַז דו ביסט מיין טאַטע. און איצטער באַדאַרף מען די שטיוול מאַכן ריין.

טוט אַ שטעל אַ פוס, אַז די סטעליע גיט אַ ציטער.

אריה

עס צעגליען זיך אים זיינע אַלטע אויגן, קוקט מיט ליבע צום זון.
אַ גערויש פון אַ פור הינטערן פענצטער.

וואָלף

טאַטע, מען איז געקומען! צוגעפאָרן!

אריה

געלויבט איז דער אויבערשטער.

עס קומען אַריין אַ ייד מיט אַ יידענע מיט אַ יינגל פון אַ יאָר צען.

וואָלף

די מומע מיטן פעטער געקומען!

אריה

שפרה, שוועסטער מיינע. געמיינט דו וועסט נישט קומען. און דו, חיים־זלמן, מיין שוואָגער, גוט געטון, גוט געטון!

מען קושט זיך.

שפרה

קוים זיך דערשלאָגן אַהער. געגלויבט איז דער אויבערשטער.

אריה

און דאָס איז אַוודאי אַן אייניקל?

שפרה

יאָ, דאָס איז דאָך דודל. דווקא געוואָלט מיטפאָרן.

חיים-זלמן

מען הערט שוין דאָרט ביים וועג קלעזמאָרים. ביי דער כלה מסתמא.

שפרה

גיי, חיים-זלמן, און נעם אַראָפּ פון וואָגן, זע צעברעך נישט.

חיים-זלמן

גייט אַרויס.

שפרה

די שטוב איז אָפּגעלאָזן. ווען איך וואָלט עס וויסן פריער. פאַר-וואָס אַזוי שפּעט באַפוילן?

וואָלף

איך האָב נישט געוווּסט, צי איך וועל גאָר חתונה האָבן.

שפרה

אַ שיינע מעשה. זעסט גאָרנישט אויס ווי אַ חתן-בחור. נישט אַרומגעשוירן אפילו, באַלד וועט דאָך מסתמא זיין די חופּה.

וואָלף

נישט געהאַט קיין צייט, מומע. פאַרנומען. איך היט אַזאַ גרויסן וואַלד. אמת, טאַטע, איך בין פאַרנומען?

אריה

אמת, איך זאָג אויך דאָס אייגענע.

גייט אַרויס.

שפרה

האָסט אַ שיינע כלה?

ווא̈לף

מיין כלה, יא̈, הא̇, איך — הא̇ — וואס?

שפרה

ווי רופט מען דיין כלה?

וואלף

מיין כלה רופט מען ריטעלע — כא̇־כא̇־כא̇, רבקה, רופט מען מיין כלה. ריטעלע — רבקהלע — איר קענט זי נישט, מומע?

שפרה

פא̇רוואס איז די כלה א̇ליין נישט געקומען און נישט געמא̇כט, א̇ז די שטוב זא̇ל אויסזען א̇ביסל לייטישער?

וואלף

איכל גיין א̇נברעכן גרינע צווייגן, אפשר איכל געפינען אפשר נא̇ך פלישניק גרינעם, ביים טייך וועל איך א̇נשניידן. א̇נשיטן אין שטוב ווי אויף שבועות, גוט, מומע?

לויפט א̇רויס פון שטוב.

שפרה

נישט רעכט א̇ליין איצט אומצוגיין. גיי, דודל, מיין נחת, גיי, לויף אים נא̇ך, לא̇ז אים נישט א̇ליין.

דוד

גייט א̇רויס אין דרויסן.

זלפה

קומט אריין

א̇ווו זענען זיי א̇לע? הא̇, א̇ גוטן א̇ווגט. הא̇, דא̇ס איז די מומע.

שפרה

א̇ שוועסטער דעם טא̇טנס זיינעם און ווער זענט איר?

זלפה

א̇ן א̇רעם מענטש. דורכגעגא̇נגען, זיך א̇פגעשטעלט א̇ביסל א̇רויס־העלפן. כא̇טש חתנס צד, מען קען דא̇ך מיטן הא̇נט נישט א̇וועק־מא̇כן. א̇פגעבא̇קן קיכעלעך אביסל.

שפרה

איך האָב מיטגעבראַכט, וואָלט אַלצדינג מיטגעבראַכט. האָט מען שפּעט באַפוילן.

דודל

קומט אריין

כ׳האָב אים נישט געקענט כאַפּן, ער איז אַוועקגעלאָפן. אין וואַלד איז פינצטער, האָב איך מורא געהאַט.

שפרה

נישט געטאָרט לאָזן אים איצטער אַליין, מאַלע ווייס איך דאָרטן וואָס, מען טאָר עס פון מויל נישט אַרויסלאָזן.

זלפה

אַ פיינער בחור, גאָר אַ פיינער. נאָר מען זעט נישט ער זאָל וועלן גיין צו דער חופּה.

אריה און חיים-זלמן קומען אריין און טראָגן פּעקלעך.

שפרה

פּאַקט ארויס פון די פּעקלעך, געבעקס, קעזלעך, לאַדישקעלעך מיט פּוטער.

זלפה

קיין עין-הרע, אַ שפע ביי אייך.

אריה

אַוווּ איז מיין זון?

שפרה

איז געלאָפן צום טייך אָנרייסן פלישניק פאַר דער פּאָדלאָגע אָנצושיטן. האָב אים נישט געלאָזן, האָט ער זיך מיט געוואַלד אַרויסגעריסן.

אריה

אָ־וואַ, קען אים נישט אין שטוב איינהאַלטן דעם גאַנצן טאָג

חיים-זלמן

מסתמא באַלד אַריינקומען.

אריה

אָ־וואַ, ווידער צום טייך. דאָס געפעלט מיר שוין נישט.

חיים־זלמן

וואָרים, וואָס איז דען?

אריה

אָ־וואַ, אָ־וואַ, איצטער גאָר צום טייך.

שפרה

איז געגאַנגען אַ ביסל פלישניק אָנרייסן. וויל, זאָגט ער, מאַכן אין שטוב ווי אויף שבועות.

זלפה

איך קום איצטער פון דאָרטן. גאָר אַ סך מחותנים, גאָרנישט צו גלייבן, אַזויפיל מחותנים.

אריה

זייזשע מוחל, חיים־זלמן, קום מיט מיר אַרויס. ברענגען אים אין שטוב אַריין.

חיים־זלמן

טאָ, לאָמיר זיך איילן.

גייען ביידע אַרויס.

זלפה

פאַרזוכט פון די געבראַכטע זאַכן, האָט הנאה

שפע ביי לייטן. דאָ געניג פוטער, מילך, אַ שפע.

שפרה

איך וואָלט אויך געוועזן אַ בעלן צו גיין אַהין, זען וואָס ביי לייטן טוט זיך. זייט־זשע מוחל, אפשר וועט איר אויך גיין?

זלפה

בסך־הכל גאָרנישט ווייט. דערווייל וועט דער חתן אָנקומען, וועל זיי זאָגן מען זאָל זיך דאָרטן נישט איילן, וואָרים דער חתן איז נאָך נישט גרייט.

גייען ביידע אַרויס.

ריטעלע

קומט שוועבנדיק אַריין, טראָגט אַ גאַנצע ברעמיע גרינעם פלישניק, רייסט אויף קורצע שטיקלעך און שיט אָן אין שטוב, רעדט זינגענדיק צו זיך אַליין.

אָט אָ דאָ ווױנט ער. היינט וועט נאָך אונזער חופה זיין. אָט אָ דאָ ווױנט ער.

זי איילט, שטעקט אָן גרינעם פלישניק איבער די פענצטער, באַמערקט די צוויי ליכט, שרייט צו זיי מיט אַ מינע, ווי מען שרייט אויף קליינע קינדער

ליכטלעך, ברענט ליכטיקער! ברענט ליכטיקער!

וואָלף

קומט אַריין מיט ליידיקן.

ריטעלע

פּאַטשט מיט די הענט

וואָלף, וואָלף, וואָלף, אָט בין איך, כאַפּ מיך, כאַפּ מיך, כאַפּ מיך!

וואָלף

לאָזט זיך נאָך איר. זי לויפט געשווינד אונטערן טיש, אונטערן באַנק, און לאָזט זיך אים כאַפּן.

ריטעלע

האָסט מיך געכאַפּט, דו קענסט מיך כאַפּן, כ׳האָב געוואָלט דו זאָלסט מיך כאַפּן. היינט קען איך דאָ זיין. היינט איז מיין חופה

וואָלף

איך ווייס ווער דו ביסט. כ׳האָב נישט מורא.

ריטעלע

וועסט גיין ווױנען מיט מיר אין טייך אַריין?

וואָלף

אין טייך?

ריטעלע

אין טראָסטענע אַריין.

וואָלף

איכ׳ל דיך נישט אַרויסלאָזן, איכ׳ל פאַרמאַכן טיר און פענצטער.

ריטעלע

אוי, וואָלף, דו ביסט שטאַרקער פון מיר. אוי, וואָלף, דו ביסט גרעסער פון מיר.

ו ו אָ ל ף

האַלט זי אויף די הענט און לויפט מיט איר פון ווינקל צו ווינקל.

ר י ט ע ל ע

ביסט אַזוי שטאַרק ווי דער ווינט. ביסט שוין באַלד אַזוי שטאַרק ווי דאָס וואַסער. טראָג מיך נאָך, טראָג מיך נאָך.

די טיר פראַלט אויף, און אַ שורה מיידלעך שלייכן זיך אריין, אין די הענט טראָסטענעס פון טייך. אויבן מיט אַ פעדער־געוויקס. מיט אַ שטילן עקסטאַז ברומען זיי אַ ניגון און טאַנצן, האַלטן זיך ביי די הענט, טאַנצן אין קאַראַהאָד אַרום וואָלפן, וואָס האַלט ריטעלען אין זיינע אָרעמס.

וו אָ ל ף

ער שפּרינגט אויף פון אָרט, טאַנצט אין קאַראַהאָד ווי אַ וויכער מיט מיט ריטעלען. ביסלעכווייז גייען אין דעם אייגענעם וויכער איבער די מיידלעך ביז וואָלף לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און ציט די הענט פאָרויס, — איצט טאַנצט זיין בלוט אין אים. אַלע מיידלעך אין אַ וויכער, און אַזוי ציען זיי ריטעלען אַרויס פון שטוב. ער בלייבט אַזוי אויף דער ערד אין גרינעם פּלישניק, ווישט דעם שווייס פון שטערן, הייבט זיך פּאַמעלעך אויף, גייט צום טיר, עפנט זי שרייט אַרויס אין דרויסן: „היי־היי – ווו זענט איר אַלע?" פּלאָנטערט זיך אַרום ווי אַ געפאַנגענער.

ד אָ ב ע און פ ע ש ע לויפן אריין.

ד אָ ב ע

וואָלף, וואָלף, דו ביסט גאָר אַליין? מירן זיך אַרויסגעגנבעט און געקומען זען וואָס דו מאַכסט.

פ ע ש ע

רבקהלע האָט אין דער שטיל אונז געבעטן, אַז מיר זאָלן גיין זען וואָס דו מאַכסט.

ד אָ ב ע

זי האָט געהייסן דיר זאָגן, אַז זי האָט דיך אַזוי ליב, אַזוי ליב, וואָלף.

פּעשע

מיר באַדאַרפֿן שוין לויפֿן צוריק, וואָרן באַלד, באַלד קומט מען דיך נעמען.

דאָבע

וואָלף, וואָס זאָל איך זאָגן רבקהלען?

וואָלף

נעמט שטאַרק אָן דאָבען פֿאַרן האַנט.

דאָבע

וואָס טוסטו, וואָלף? אוי, ס׳טוט מיר וויי!

וואָלף

ווער ביסטו?

דאָבע

לאָז מיר אָפּ די האַנט. זעסט דאָך, עס טוט מיר וויי.

וואָלף

כאַפּט פּעשען אויך פֿאַרן האַנט!

וואָלף

ווער ביסטו

פּעשע

אוי, עס טוט וויי! אוי, לאָז אָפּ!

פּעשע

וואָלף, וואָלף, לאָז אָפּ, מען וועט נאָך דערזען, וואָס דו טוסט פֿאַר דער חופּה.

דאָבע

לאָז אָפּ, וואָרן איך וועל דערציילן רבקהן!

וואָלף

ווער זענט איר ביידע.

פּעשע

מיר׳ן אפשר נישט געטאָרט איצטער קומען אַהער.

וואָלף

אָט אַזוי וועל איך אייך ביידע האַלטן ביזקל מען וועט קומען נעמען צו דער חופּה,

דאָבע

אוי, טאָמער וועט מען זיך דערוויסן, אוי, לאָז אָפּ!

פעשע

וואָלף, איך בעט דיך, לאָז מיך גיין צוריק. די מאַמע וועט זיך דערוויסן.

דאָבע

וויל זיך באַפרייען

רבקהלע וועט זיך דערוויסן, וועט זי חלשן פאַר צער.

וואָלף

פאַרוואָס זענט איר איצטער געקומען, האַ? איר קענט טאַנצן, טאָ טאַנצט מיט מיר.

דאָבע

איכ׳ל עס נישט אויסהאַלטן. פעשע, וואָס וועט זיין. אַלע רגע קען מען נאָך אָנקומען. אוי, די קלעזמער, איך הער שוין!

פעשע

איכ׳ל אפשר באַלד חלשן.

וואָלף

טאַנצט מיט מיר!

דאָבע

איכ׳ל דיר דערציילן, וואָס רבקהלע האָט מיר געהייסן דיר זאָגן. הער וואָלף, זי זאָגט... אוי, עס טוט מיר ווי די האַנט... פעשע וואָס זאָלן מיר טון? הויב אָן צו וויינען. הויב גאָר אָן צו שרייען, אַז מען זאָל קומען. וואָלף, זיי נישט אַזוי שלעכט. איך וויים, אַז דו ביסט אין כעס אויף מיר. בנאמנות, איך האָב גאָרנישט געמיינט, איך האָב רבקהלען אַליין דערציילט, וואָס איך האָב דיר געזאָגט. זי האָט מיר געזאָגט, אַז זי איז מיר מוחל.

פעשע

ער וויל מיר זאָלן טאַנצן, טאָ לאָז אָפּ די הענט.

וו אָ ל ף

מיט מיר אינאײנעם.

פ ע ש ע

מען טאָר נישט.

ד אָ ב ע

אַ גרויסע עבירה, איצטער פֿאַר דער חופּה.

פ ע ש ע

אוי, איך האָב מורא פֿאַר אים.

וו אָ ל ף

איך וועל אייך האַלטן דאָ ביז מענטשן וועלן קומען. איכ׳ל אייך נישט לאָזן אַנטלויפֿן.

ד אָ ב ע

טאָ, פּעשע, לאָמיר טאַנצן מיט אים.

פ ע ש ע

איך ווייס נישט ווי אַזוי.

ד אָ ב ע

הענט און פֿיס האָבן מיר שוין אָפּגענומען.

פ ע ש ע

וו אָ ל ף, איך ווייס וואָס דו ווילסט, אָבער איך האָב מורא.

קושט אים.

ד אָ ב ע

וואָס טוסטו, פּעשע? איצטער?!

וו אָ ל ף

לאָזט אָפּ פּעשעס האַנט.

פ ע ש ע

לויפֿט ארויס אַ צעטומלטע.

ד אָ ב ע

איך וועל עס נישט טון, אַפֿילו אַז דו וועסט מיך דערהרגענען, אַפֿילו אַז דו וועסט מיר דעם קאָפּ אַראָפּנעמען. איך האָב דיך

פיינט. איך האָב אַפּילו רבקהלען אויך געזאָגט, אַז איך האָב דיך פיינט. איך וועל אַלעמען דערציילן, וואָס פעשע האָט איצטער געטון.

וואָלף

איצטער וועסטו זיך נישט אַזוי גרינג אַרויסרייסן. איצטער בין איך שטאַרקער פון דיר. איך ווייס ווער דו ביסט. איך ווייס, האַ־האַ. איך קען דיך איצטער. איצטער, אַז איך וועל דיך אַריינכאַפּן אין מיינע הענט, וועסטו זיך אַזוי גרינג פון מיר נישט אַרויסרייסן.

דאָבע

אוי, לאָז מיך אָפּ, איך האָב מורא. היינט איז דאָך דיין חופה. אוי, כּלעזמאָרים גייען.

וואָלף

אויב דו וועסט מיר נאָכאַמאָל איבערזאָגן וואָס דו האָסט מיר אַמאָל געזאָגט אונטער דעם ייִנגן דעמבל, וואָס כ׳האָב אויסגעהאַקט, וועל איך דיך אָפּלאָזן.

דאָבע

איך טאָר שוין מער נישט זאָגן. מער טאָר איך נישט. ביסט רבקהס וואָלף. דו ביסט דאָך אַזאַ גוטער, לאָז מיך אָפּ. האָב אויף מיר רחמנות.

וואָלף

לאָזט זי אָפּ

איך ווייס, דאָבע, אַז דאָס ביסטו, די גוטע דאָבע. כ׳ווייס, ס׳איז אַן עבירה. ווייסט, אַז איך האָב זייער ליב רבקהלען, רבקה האָט מיך זייער ליב. זיי אויף מיר נישט ברוגז, דאָבע.

דאָבע

ווישט די טרערן.

וואָלף

היינט טאָר מען נישט, היינט וועט גאָט שטראָפן.

דאָבע

צערטלעך קושט זי זײַנע באַקן, און מיט אַן אָפּגעלאָזענעם קאָפּ גייט זי אַרויס פון שטוב.

וואָלף

קוקט איר נאָך. נישט זיכער ווער עס גייט איצטער אַרויס פון שטוב.

אריה

זײַן שטימע הינטערן שטוב.

וואָלף

איך בין דאָ, טאַטע! איך בין דאָ!

אריה

קומט אַרײַן

אַזאַ זאַך. גאָר אָט אָ דאָ דאָ ביסטו! און מיר האָבן דיך אומעטום אַרומגעזוכט.

חיים־זלמן

אָט איז ער דאָך דער חתן.

וואָלף

אָט בין איך דאָך, טאַטע. זע, כ׳האָב זיך אויסגעפּוצט.

מאַכט אויף זיך צורעכט די בגדים.

אריה

אַ בעלנות געווען איצטער צו קריכן אין טײַך אַרײַן זוכן גרײַבעם פלישניק. זעסט, אַדרבא, וואָס האָט ער געטון, טאַקע ווי ערב־שבועות.

חיים־זלמן

האָסט גאָרנישט מורא געהאַט איצטער גיין קריכן אין טײַך אַרײַן?

פון ווײַטן דערטראָגט זיך קלעזמערשס, אַ פלייט מיט אַ פּייקל דערנענטערט זיך צום שטוב. די שטוב־לײַט הערן פאַרגאַפט.

אריה

מען גייט! האַ־האַ, — דו הערסט? גיכער, מײַן זון, טו אָן דעם קאַפּטאַן ווי געהעריק איז, און דאָס היטל, מײַן זון.

### שפרה

קומט אריין

**גיכער, גיכער, גרייט? אַ גרויסער עולם.**

די קלעזמער שפּילן הינטער דער טיר. ס׳באַווייזט זיך אַן עולם ישוב־ניקעס, אַ ווילדע דויערט דאָס שפּילן און דער עולם הערט מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, דערנאָך טיילן זיך אָפּ אַ פּאָר און קומען אַריין אין שטוב. אריה און שפרה נעמען וואָלפן אונטער די הענט און ווי אַ געבונדענעם פירן זיי אים פון שטוב. די פּלייט מיטן פייקל ווערן שטילער צו ביסלעך.

### ריטעלע

איר ציטערדיק פאַרבענקטע שטימע דערטראָגט ייד תּוז דרויסן. רופט

**וואָלף, וואָלף, וואָלף!**

# דריטער אַקט

אָנהייב זומער, דער אייגענער פּלאַץ, וואָס אין די ערשטע צוויי בילדער. באַגינען. וואָלף ליגט אויסגעצויגן נישט ווייט פון ברעג. אַביגדור און נחמן קומען אָן מיט אַ צונויפגעוויקלטן געוועט.

אביגדור

ווער שלאָפט עס דאָ! אַ־האַ, וואָלף דער שומר.

נחמן

שלאָפט ?

אביגדור

שלאָפט געשמאַק. טו אים נאָר אַ ריר מיטן שטיוול.

נחמן

טשעפּע אים נישט. איז ערגער פון אַ ערל. האָב פיינט צו באַגעגענען זיך מיט אים אין וואַלד און דערצו באַגינען.

אַביגדור

געוועזן אַ ווילער יונג אַמאָל. געקענט ביי אים עפּעס בעטן, האָט נישט אָפּגעזאָגט. דער אַלטער איז שוין מער מענטש פון אים.

נחמן

טו אים אַ וועק, וועט ער העלפן דאָ דעם געוועט דורכשלעפּן, אפשר וועט זיך עפּעס כאַפּן.

אביגדור

עט, לאָז אים צורו. איך האָב גאָר קיין חשק נישט צו קריכן

אין וואַסער קוקנדיק אויף אים. אַמאָל האָב איך אַליין געהאַלטן פון דעם אָרט, און איצטער — לאָמיר גיין. ער וועט נאָך מאַכן אַ געוואַלד, נאַכסאָל מען גייט דורכן וואַלד.

נחמן

געוואָרן פון אים אַ תכלית זינט ער האָט חתונה געהאַט.

אביגדור

אַ שלעכטער סימן, וואָס ער ליגט ביים ברעג. לאָמיר גיין פון דאַנען. קום.

זיי פאַרנעמען דעם געוועט און ווילן שוין גיין.

נחמן

וואַרפט שטיינער אין וואַסער

לאָמיר כאָטשבי אַ פּאָר שטיינער אַריינוואַרפן. כאָטש די גרע־סערע פיש פון דאַנען אַרויסטרייבן.

גייען אַוועק.

וואָלף

זעט אויס, אַז ער האָט נישט געשלאָפן. ווי נאָר די פישער גייען אַוועק הייבט ער אויף דעם קאָפּ, קוקט אין דער זייט וווּ די פישער זענען אַוועק, ער וויל זיך פאַרנעמען צום ברעג. אָבער פלוצלינג דער־הערט ער עמעצנס טריט פון וואַלד, ער שלייכט זיך אַוועק אין דער אַנדערער זייט און פאַרשווינדט צווישן די ביימער.

אריה און רבקה קומען אָן, ביידע זייער שטאַרק פאַרזאָרגט.

רבקה

נישטאָ אים דאָ אויך. אָבער אָט דאָרטן איז דאָס גראָז איינגע־לייגט. עמעצער איז דאָרט געלעגן. איר זעט, שווער לעבן, איך דערקען, אַז ער איז דאָ געלעגן. אפשר נאָך היינט איז ער דאָ געלעגן. דאָס גראָז פריש איינגעלייגט.

אריה

ס'אַראַ עוולה — אַ יונגאַטש. איכ'ל אים אויסשטראָפן.

רבקה

וואָס זאָל איך טון, שווער לעבן? איך ווייס נישט וואָס איך

זאָל אָנהייבן צו מאַכן. איך שעם זיך גאָר צו דערציילן פֿאַר דער מאַמען. איך האָב שוין אָבער קיין כּוח נישט. זעט, שווער לעבן, אָט אָ דאָ איז ער נישט לאַנג געלעגן. איך מוז לויפן צוריק אַהיים, דאָס קינד וועט זיך אַרויסשלאָגן פֿון די כּוחות וויינענדיק.

אריה

טאָ גיי טאַקע אַהיים, מיין קינד, איך וועל נאָך דאָ אַכטונג געבן, וועל איך אין וואַלד אַ זוך טון. ער וועט ווערן הונגע־ריק, וועט ער שוין אַליין קומען, וועל איך אים אויסשטראָפן.

רבקה

אַז ער עסט שוין גאָרנישט. איך ווייס נישט מיט וואָס ער לעבט.

אריה

האָסט אים באַדאַרפט זאָגן, אַז דער טאַטע האָט עגמת־נפש. האָסט אים באַדאַרפט זאָגן. איך אַליין וועל זיך נעמען צו אים. ער וועט נאָך האָבן דרך־ארץ פֿאַר מיר. טאָ גיי אַהיים, מיין קינד.

רבקה

ווישט די טרערן, גייט אַוועק.

אריה

דרייט זיך אַ ווײַלע אַרום ביים ברעג.

נסתּר

קומט אָן

וואָס טוט דאָ אַ ייִד?

אריה

שלום עליכם.

נסתּר

עליכם שלום.

אריה

בין דאָ דער שומר פֿון וואַלד, מיט מיין זון, אָנגעשטעלט פֿון פּריץ, זוך איך טאַקע דעם זון מיינעם, האָב עגמת־נפש.

נסתר

אַ זון, עגמת-נפש. דער סדר עולם. האָט חתונה געהאַט מיט זיין זיווג?

אריה

מיט אַ שענקערס אַ טאָכטער, אַ שכן. יאָ, האָט שוין אַ קינד. דאַרף זיין אין דער היים, וועט ער פאַרפאַלן אויף גאַנצע טעג, האָב עגמת-נפש. גאָרנישט צו מאַכן... וועט זענט איר, זייט-זשע מוחל? אפשר קומען צו מיר אין שטוב אַריין עפעס איבער-כאַפן, האַ?

נסתר

געזען אים דאָ. שוין אַ פּאָר מאָל געזען, אייער זון. נישט קיין גוטע טבע, עפעס האָב איך שוין דערגאַנגען. שוין לאַנג פייפט ער אַזוי אויפן פייפל?

אריה

הע, זיין פייפל? יאָ, ער פייפט אויף אַ פייפל פון קינדוויייז אָן. האָט ביי אַ פּאַסטעך געקריגן אַ פייפל, פייפט ווי אַ פּאַסטעך.

נסתר

ער פייפט נישט ווי אַ פּאַסטעך, פייפט ווי דער פאַרשייטער ווינט. פייפט, און ס'איז פול מיט מחשבות זרות. אַזוי פייפט נישט קיינער מזרע של אברהם אבינו. מ'עט זיין אויף דער וואַך. מ'עט זיין!

גייט פלוצלינג אַוועק מיטן וועג רעכטס.

אריה

קוקט אים נאָך אַ ווייל, און באַלד הייבט ער אָן צו רופן

וואָלף! וואָלף! וואָלף!

אַ שטימע פון אַ פרוי רופט אויך אין וואַלד

וואָלף! וואָלף! וואָלף!

אריה

וואָלף! וואָלף! וואָלף!

### שטימע
ווי פריער

**וואָלף! וואָלף! וואָלף!**

### אריה
לאָזט זיך אוועק אין דער זייט פון דער שטימע.

### ריטעלע
קומט אַרויס פון צווישן די טראָסטענעס פול מיט ליכטיקייט פון פרימאָרגן, ציט די הענט, ברייט אויס די ברוסט, ווי זי וואָלט זיך פון ס'ניי פונאַנדערגעבליט. פון וואַלד מיטן שטעג ציט זיך אַרויס אַ שורח מיידלעך מיט שטילן, איינגעהאַלטענעם געזאַנג ציען זיי זיך פאַרביי ריטעלען און צוריק אין וואַלד אַריין. מען דערהערט פון ווייטנס וואָלפס פייפל, וואָס דערנענטערט זיך צום ברעג. איר פרייד ווערט נאָך פולער, באַהאַלט זיך אונטער אַ בוים.

### וואָלף
קומט אָן. קוקט אַ ווייל צום טייך, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד און הייבט ווידער אָן צו שפּילן אויף זיין פּייפל.

### ריטעלע
דערנענטערט זיך צו אים, הינטער אַרום און לאָזט זיך אַראָפּ לעבן אים

### וואָלף
הערט אויף פייפן, קוקט זי אָן.

### ריטעלע
**איך, ריטעלע, געקומען, ווידער**

### וואָלף
גלייבט נישט זיינע אייגענע אויגן.

### ריטעלע
**צו דיר בין איך ווידער געקומען. האָסט געבענקט אַ גאַנצן ווינטער. האָב איך געוווינט ביי דיר אין האַרצן. איך בין ווידער דאָ, ריטעלע, ריר מיך אָן מיט דיין האַנט.**

וואָלף

היי, ווער ביסטו?

ריטעלע

אָט איז דער טייך, אָט בין איך.

וואָלף

אפשר גאָר רעד איך פון שלאָף.

ריטעלע

איך האָב געוווסט, אַז היינט קומט אַהער מיין מאַן, איך האָב געוווסט, געוווסט.

וואָלף

דו ביסט רבקה? האַ, איך בין נישט לעבן טייך.

ריטעלע

לויפט פון ברעג צו אים פריילעך

אָט איז דער ברעג און אָט ביסטו, אָט לויף איך פון דעם ברעג צו דיר. אַוווּ איז רבקה? נישטאָ. איך בין רבקה, איך בין ריטעלע און איך בין רבקה.

וואָלף

איך וועל גיין אין דער טראָסטענע.

ריטעלע

קענסט עס נישט טון, וואָלף.

וואָלף

באַווייזט צום טייך

קום מיט מיר אַהין.

ריטעלע

ביין, וואָלף.

וואָלף

איך ווייס ווו פרעמדע וועלדער, מיר'ן דאָרטן זיין. קום אַוועק.

ריטעלע

גאָר ווייט קען איך נישט.

וואָלף

סאָ לאָז מיך אָפּ.

ריטעלע

איך קען נישט. בין צו דיר פאַרקנסט, און מיר איז גוט אַזוי, מער וויל איך גאָרנישט. מער באַדאַרף איך גאָרנישט. ווען דו ווילסט מיך זען, ווייס איך שוין און איך קום. איך בין דיינע.

וואָלף

רבקה האָט געהאַט אַ קינד, איך בין אַ טאַטע, ווייסט?

ריטעלע

אפשר איז דאָס גאָר מיין קינד?

וואָלף

כאַ-כאַ — דו צינדסט מיר אָן מיין קאָפּ, ווייס איך שוין גאָר-נישט ווו איך בין. אַז דו צינדסט מיר אָן מיין בלוט, ווייס איך שוין גאָרנישט וואָס איך בין, וואָלט איך מיר אַזוי פון שטוב געקייקלט ביז צום טייך, אָט אַזוי.

ער קייקלט זיך צום טייך.

ריטעלע

פארלויפט אים דעם וועג, ער זאָל זיך נישט אריינקייקלען אין וואסער אריין, לייגט זיך ביים סאמע ברעג. וואָלף דערנענטערט זיך צו איר און אָט אזוי בלייבן זיי ביידע ביים ברעג.

ריטעלע

נישט אין וואַסער אַריין.

וואָלף

קייקל זיך מיט מיר אין וואַסער אַריין. אויפן גרונט וועל איך אָפּקילן מיין בלוט.

ריטעלע

מיין וואָלף. איך האָב ליב דיין בלוט, אַז ס׳איז הייס, וואָלף, וואָלף, מיין וואָלף.

וואָלף

ריטעלע! ריטעלע!

ריטעלע

לויפט צום ראַנד פון וואַלד און רופט

וואָלף! וואָלף! וואָלף! אָט דאָ איז גאָר דער טייך. גאָר דאָ איז דאָס וואַסער.

וואָלף

פויזעט צו איר אויף אַלע פיר ווי אַן אונטערגעשאָסענע חיה, בלייבט לעבן אירע פיס, שעפּטשעט

דו ווילסט מיט מיר אין וואַסער נישט גיין, האַ? ווילסט נישט? אָט וואָס דען ווילסטו פון מיר, האַ?

ריטעלע

דו ביסט מיינער, דו ביסט מיינער, דו וואָלף. דו ביסט מיינער.

וואָלף

דו האָסט אין מיר אָנגעצונדן אַ פלאַקער, און דו צעבלאָזט דעם פלאַקער, צעבלאָזט. טאָ קום מיט מיר אין טייך אַריין. איכ׳ל שפּילן אויפן פייפל, און דו האַ, דו וועסט זיין אַ טראָס־טענע. איכ׳ל ליגן ביי די וואָרצלען דיינע. איכ׳ל אָט אַזוי אַרומנעמען דיינע וואָרצלען ווי אָט אַזוי דיינע פיס. און אַז איך וועל זיין הונגעריק, וועל איך אָט אַזוי גריזשען דיינע וואָרצלען. אַז איכ׳ל זיין דאָרשטיק, וועל איך אָט אַזוי טרינקען פון דיינע וואָרצלען... כאַ־כאַ־כאַ, איצטער איז גוט.

איינגעקלאַמערט אין אירע פיס אויף דער ערד ליגנדיק.

ריטעלע

וויגט זיך ווי אַ טראָסטענע, די הענט ציענדיק צום ליכט.

וואָלף

אָבער דיינע וואָרצלען זענען אַזוי שטאַרק. אַ ווינט בלאָזט אויבן און שטאַרקט דיינע וואָרצלען.

ריטעלע

איך בין שוין גרויס, בין געוועזן אַ דיבינקע, אַמאָל געוועזן. הָאָסט נאָר אָנגערירט מיט דיין האַנט, בין איך אויסגעוואַקסן. איך וואַקס נאָך, יאָ, איך וואַקס נאָך.

וואָלף

זוכט אויף אירע פינגער

איצט וועל איך דאָס פינגערל פון דיינע הענט אַראָפּרייסן. וועל עס צוריק צונעמען. וועל אַראָפּרייסן. האָ, ניין, איך וועל עס נישט טון. דיינע פינגער שמעקן מיט קאַרשן־בלעטער, דיינע פינגער זענען ווי יינגע וואָרצלען פון אַ יינגער בערעזע. דיינע פינגער... פיר אַזוי איבער מיין פנים. איבער מיינע אויגן. איך פאַרמאַך די אויגן, זע איך דורך די ברעמען, אָט זע איך דיך, ריטעלע. דאָס ביסטו דאָך. איצטער ווייס איך גוט, איך האָב דיך געזוכט אין יעדן בוים, האָב דעמבעס אויסגעהאַקט און דיך געזוכט, אין יעדער סאָסנע, אין יעדער בערעזע, און דו ביסט גאָר אַ דינענקע טראָסטענע געווען. כאַ־כאַ כאַ־כאַ. איך זע דיך מיט פאַרמאַכטע אויגן. ניין, איך וויל נישט אין וואַסער אַריין. דו קום בעסער מיט מיר אויף אַ גע־דיכטן בוים אַרויף. אָט וועל איך אַרויפקלעטערן אויף אָט דעם בוים, און דו גיב מיר דיין האַנט וועל איך דיך אַרויפנעמען.

ריטעלע

דערלאַנגט אים אַ האַנט, גרייט צו קריכן מיט אים אויף אַן אַלטן דעמב.

וואָלף

קום מיט מיר אין טיפן וואַלד אַריין, מיר׳ן אַרויף אויף אַן אַלטער סאָסנע מיט גראָבע צווייגן, קום מיט מיר...

ריטעלע

קום בעסער אַהין צום טייך אַרויס. איך האָב מורא מיט דיר אין וואַלד.

וואָלף

איצטער וועל איך דיך פירן וווהין איך וויל. איכ׳ל דיך מיט געוואַלד אין וואַלד אַוועקפירן.

ריטעלע

הערסט, וואָלף, אַ קינד וויינט, מיין קינד, וויינט.

וואָלף

מיין קינד איז מיט רבקהן. מיט דיר האָב איך נישט געהאַט קיין קינד.

ריטעלע

דערמאָן זיך, וואָלף. איך בין געווען מיט דיר אונטער דער חופּה. געדענק וואָס נאָך דער חופּה איז געווען.

וואָלף

באַלד וועט אַהער קומען רבקה מיטן קינד אויפן האַנט, וועסטו אַליין זען.

ריטעלע

מיין קינד, וואָלף. זי האָט געטראָגן מיין קינד. דאָס קינד זויגט מיין מילך. איך האָב געהאַט אַזויגע ווייען! איצטער ווייַנט עס. וואָס, דו ווילסט טון שלעכטס דער מאַמען.

וואָלף

שרייט

רבקה! רבקה! קום אַהער! אָט-אָ דאָ בין איך, קום מיט מיין קינד, קום אַהער!

ריטעלע

ליגט אויף דער ערד ביי זיינע פיס, האַלט זיי אַרומגענומען, לאָזט אים נישט גיין.

וואָלף

בלייבט ליגן מיד.

ריטעלע

בייגט זיך איבער אים און נעמט אַרום מיט ביידע אָרעמס זיין האַלז און זויגט זיך איין אין אים. פּלוצלינג שרייט זי אויס פאַר שרעק, וויל לויפן צום טייך און דערשפירט דאָרט אַ געפאַר, לויפט צום וואַלד און פאַרשווינדט צווישן דיביימער.

נסתר

קומט אַרויס פון דער אַנדערער טייל וואַלד מיט אַזאַ שטרענגן אויסזען, קוקט לאַנג צו וואָלפן, וואָס ליגט אויף דער ערד צונויפגעדרייט.

וואָלף

שפּירט זיין בליק, זעצט זיך אויף.

נסתר

אַריינגעפֿאַלן. אין נעץ אַריינגעפֿאַלן. ווי אַ פֿיש אַריינגעפֿאַלן. ווי רופֿט מען דיך?

וואָלף

וואָלף.

נסתר

וואָלף... אַ ייד, נישט קיין וואָלף.

וואָלף

שטייט אויף.

נסתר

נו, פֿייף אויף דיין פֿייפֿעלע, וועל איך הערן.

וואָלף

איך טאָר נישט פֿייפֿן. איצטער טאָר איך נישט.

נסתר

מעגסט. איך וועל הערן, וואָס וועט מיר זאָגן דיין פֿייפֿל.

וואָלף

איך קען נישט.

נסתר

שטרענג

קענסט. דערנער גענוג וואַקסן דאָ, פֿאַר זיי פֿייפֿסטו, האַ? אַ פֿייפֿל, אַז ס'איז שטום איז נאָך ערגער. האָסט אַ ווייב, האָסט אַ קינד, און פֿון וואָלף — אַ פֿיש געוואָרן. אַ פֿיש צאַפּלט זיך אין נעץ.

וואָלף

מיין קינד איז קראַנק. איך קען נישט גיין אַהיים.

נסתר

און וואָס נאָך? און וואָס ווייטער? ווי רופֿט מען דיין טאַטן?

וואָלף

האַ?

נסתר

זיין נאָמען, ווי איז זיין נאָמען?

וואָלף

אריה דער שומר.

נסתר

יאָ, אריה דער שומר.

וואָלף

זי האָט מיך פאַרפירט. אָט דאָרט, יענע טראָסטענע, אָט יענע אָט דאָרטן, זי מקדש געווען מיט אַן אמת פינגערל. איך זוך און זוך און קען דאָס פינגערל נישט געפינען.

נסתר

וואָלף איז דיין נאָמען. אריה איז דיין טאַטנס נאָמען. האַ, קענסט נישט פייפן מער? קענסט נישט. איצטער ווייס איך...

פאַרשווינדט אין געאייל אין וואַלד.

וואָלף

קוקט אים אַ צייט נאָך, וויל, זעט אויס, גיין מיטן שטעג אין וואַלד—אַהיים צו, און קען זיך פון אייגענעם קרייז נישט אַרויסקלייבן. נעמט דאָס פייפל, שפאַרט זיך אָן אין בוים, און וויל עפּעס אויספייפן, צעוויינט זיך מיט אַ רויען געוויין.

ריטעלע

דערנענטערט זיך שטיל און מיט אַ שטריק פון לאַנגע גראָז בינדט זי אים צו צום בוים. ער שפּירט עס נישט. ווען ער הייבט אָן ווידער צו שפּילן, קומט זי אַרויס אים אַנטקעגן און ווינקט צו אים

וואָלף, וואָלף, קום צו מיר. אָט בין איך.

וואָלף

קוקט צו איר און ענטפערט נישט.

ריטעלע

קום צו מיר אַנטקעגן, איך בין אַזאַ פרישע געקומען צו דיר. ביסט אַזוי בלייך. פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלייך? אוי, דו קענסט נישט גיין!

וואָלף

געבונדן.

ריטעלע

רייס איבער!

וואָלף

שוין בלוט אויפן לייב. קען נישט איבעררייסן.

ריטעלע

ווער האָט עס געטון? אוי, אפשר האָב איך עס געטון?

וואָלף

בינד אָפּ.

ריטעלע

איך ווייס נישט ווי אַזוי. איך ווייס נישט ווי אַזוי מען בינדט אָפּ. איך האָב טאַקע צוגעבונדן, און איצט ווייס איך נישט ווי אָפּצובינדן.

וואָלף

רייס איבער.

ריטעלע

באַמיט זיך אָנצובינדן, קען נישט.

וואָלף

גיי צו מיר אין שטוב, זאָל רבקה קומען מיט אַ האַק.

ריטעלע

איך ווייס איצט נישט דעם וועג.

וואָלף

האָסט פאַרבונדן, און ווייסט נישט ווי אויפצובינדן?

ריטעלע

איך ווייס נישט ווי אַזוי, וואָלף. אפשר האָב איך פאַרבונדן און אפשר נישט. קושט זיין שטערן אוי, דיין שטערן איז אַזוי הייס לויפט צום טייך, רייסט אָן גרינע בלעטער, טונקט זיי אין וואַסער און לייגט צו זיין קאָפּ.

וואָלף

אַזוי איז מיר קיל. גיס וואַסער אויף מיין קאָפּ.

רִיטְעלֶע

בייגט איין אַ גרויס בלאַט, שעפּט וואַסער און גיסט אויף זיין קאָפּ.

וואָלף

איצט האָב איך ווידער כּוח. איצט וועל איך איבעררייסן די שטריק.

ער באַפרייט זיך און לאָזט זיך צו ריטעלען.

ריטעלע

אַנטלויפט און באַהאַלט זיך הינטער אַ בוים. שעלמיש, לאָזט זיך נישט כאַפּן.

וואָלף

קום צו מיר.

ריטעלע

איך בין געווען אַ יינגע טראָסטענע, אַ הונגעריקע טראָסטענע, האָסטו מיך געמאַכט שטאַרק, האָסטו מיך געמאַכט זאַט. כאַפּ מיך! איצטער בין איך צייטיק. כאַפּ מיך, וואָלף, וואָלף, וואָלף!

לויפט פון בוים צו בוים, רייצט זיך מיט אים.

וואָלף

קוקט איר נאָך אַ צייט ווי צו אַ חלום, וואָס שוועבט פאַר אים. שווייגנדיק וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ זיין אויבער־בגד, גייט צום ברעג, קלייבט אויס דעם אייגענעם אָרט, ווו דער נסתּר פייניקט זיך דעקט אָפּ זיין פּלייצע, לייגט זיך אויף די שטיינדלעך, קייקלט זיך און פייניקט זיך.

ריטעלע

וואָס טוסטו, וואָלף? וואָלף! מיין וואָלף, דו צערייסט דיין הויט! וואָלף!

פאַרדעקט מיט די הענט דאָס פּנים פאַר שרעק און אַנטלויפט אין דעם ווינקל, ווו דער טייך פאַראייניקט זיך מיטן וואַלד.

וואָלף

בלייבט זיצן אויף דער ערד, בלוט־צייכנס אויף זיין פּלייצע.

רבקה

קומט אָן אַ בלאַסע, אַ צעבראָכענע, פאַלט צו צו אים

וואָלף, מיין טייערער וואָלף, וואָס איז געוואָרן מיט דיר?

וואָלף

העלף מיר, ריטעלע, העלף מיר.

רבקה

דו דערקענסט מיך נישט, איך וועל אפשר אויסגיין. בלוט אויף דיין לייב. ווער האָט עס דיך צעבלוטיקט? ווער האָט געמאַכט פון דיר אַזוי־אָ?

טונקט איין אין וואַסער אַ גרינעם בלאַט און וואַשט אָפּ דאָס בלוט פון זיין לייב, דעקט אים צו, קושט אים מוטערלעך.

וואָלף

רבקה, איך דערקען דיך. און איך קען נישט גיין צו דיר. איך וויים נישט ווי אַזוי מען גייט צו דיר.

רבקה

שוין אַזוי פיל מאָל בין איך דאָ היינט געוועזן. האָב רחמנות אויף מיר. קום אַוועק פון דאַנען. קום אַהיים. דאָס קינד איז קראַנק און גאָט ווייסט צי ס'וועט איבערלעבן. איך אַליין וועל אפשר אויך נישט איבערטראָגן אַזוינע צרות.

וואָלף

לייג מיר גרינע בלעטער צום קאָפּ. מיין קאָפּ איז פול מיט פלאַמען.

רבקה

לייגט אים נאַסע בלעטער צום קאָפּ.

וואָלף

איך האָב אַ קינד, רבקהלע?

רבקה

יאָ, זעקס טעג איז דאָס אַלט. מיט אַלע כוחות בין איך אַראָפּ אויף דער ערד. קוים וואָס איך שלעפּ זיך אַרום און דו קומסט נישט אַהיים. וועסט נאָך פון הונגער שטאַרבן. זע, דאָ האָב איך דיר געבראַכט עפּעס צו עסן. האָב פאַר דיר אָפּגעקאָכט, עס איז אַזוי געשמאַק, וועסט פאַרזוכן, וואָלף.

בינדט אויף אַ פּעקעלע, באַקומט אַ טעפּעלע און ברויט.

וואָלף

קוקט צו דעם גלייך ווי ער האָט פאַרגעסן ווי מען עסט.

רבקה

קום מיט מיר אַהיים. דיין רבקה בעט דיך. געדענקסט וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט פאַר דער חתונה?

וואָלף

ברעכט אויס מיט אַ ווילד געלעכטער.

רבקה

דערשרעקט זיך, שטייט אויף.

וואָלף

כאַ־כאַ־כאַ. נישט מיט דיר האָב איך חתונה געהאַט. מיטן רוח האָב איך חתונה געהאַט. מיט אים בין איך געשטאַנען אונטער דער חופה. מיט אים האָב איך גאַנצע טעג געהוליעט. ער האָט מיך צוגעבונדן צו אַ בוים. כאַ־כאַ־כאַ־כאַ. קוק אויף די טראָס־טענעס. טרעף אין וואָס פאַר אַ טראָסטענע זיצט דער רוח וואָס זויגט, זויגט מיין בלוט. כאַ־ כאַ־כאַ. נישט מיט דיר. קענסט נישט אַזוי אויסזויגן מיין בלוט. נאַ, זויג! ריטעלע, קום אַרויס! ריטעלע קום אַרויס, דאָ איז רבקהלע!

רבקה

ציטערט פאַר שרעק

וואָלף, דאָס קינד וועט אויסגיין.

וואָלף

קום אַרויס, ריטעלע! ריטעלע!

ריטעלע

איר קול צווישן די טראָסטענעס

איך קען שוין מער נישט. בין שוין געבונדן!

וואָלף

קום צו מיר, קום צו מיר, איצט בין איך ווי אַ דעמב שטאַרק,

קום צו מיר!

רבקה

מיט וועמען רעדסטו עס?

וואָלף

כאַ־כאַ־כאַ. דו הערסט נישט? שריי העכער, ריטעלע! רבקה זאָל הערן מיט וועמען וואָלף הוליעט.

ריטעלע

איך קען שוין נישט מער, אוי, מען בינדט ריטעלען.

רבקה

אנטלויפט אין הוילע שרעק.

וואָלף

ריטעלע, איך וואַרט אויף דיר!

ריטעלע

איך ווער אויף שטענדיק געבונדן. מיינע פיס שוין געבונדן.

וואָלף

רייס אַרויס דיינע פיס? קום אַרויס! קום, שטעל זיך אויף מיינע הענט. איך האָב מיינע הענט אָנגעשטעלט. קום, איך וועל מיט דיר לויפן איבערן גאַנצן וואַלד. איך ווייס פרעמדע וועלדער, ווי אַזוי דער וועג איז אַהין, קום אַרויס!

ריטעלע

מיינע פיס זענען שוין איינגעוואָרצלט אין דער ערד.

וואָלף

שטרעק אויס דיינע הענט, כ׳וועל דיך אַרויסרייסן.

ריטעלע

איצטער בינדט מען שוין מיינע הענט. איך קען שוין מער נישט שטרעקן זיי צו דיר. איך קען שוין מער נישט.

וואָלף

ריטעלע! שטעל אַרויס דיין קאָפּ, איך וויל דיך נאָך זען כאָטש איינמאָל. שטעל אַרויס דיין קאָפּ, וועל איך קומען צו דיר.

ריטעלע

איצט וויקלט מען איין מיין בויך.

וואָלף

בייג זיך, וויג זיך, וועל איך זען ווו דו ביסט.

ריטעלע

איצט וויקלען זיך אַרום גראָזן אַרום מיין בריסט. קען זיי מער שוין נישט אָנרירן. איצט וויקלט מען אַרום מיין האַלז. קען שוין באַלד דעם קאָפּ נישט רירן.

וואָלף

שריי הויך! שריי הויך, וועסטו זיך אַרויסרייסן.

ריטעלע

איצטער מאַכט מען מיר צו מיין מויל. קען שוין נישט רעדן מער באַלד!

וואָלף

ריטעלע! ריטעלע!

ריטעלע

שוין מיט א פארשטיקטע שטימע

וואָלף! וואָלף! וואָלף!

שטיל.

וואָלף

קוקט פארבליפט צום טייך, צו די טראָטעטנעס. אביגדור און נחמן קומען.

נחמן

וואָס שטייסטו אַזוי, וואָלף, כאַפּסט פייגל?

וואָלף

האַ, ווער ביסטו? וואָס גייסטו דורכן וואַלד?!

נחמן

הערסט, אביגדור?

וואָלף

דאָ איז נישט אייער וועג.

אביגדור

א שיינער ייד, און ער האָט עס נאָך חתונה געהאַט.

נחמן

בחורוויץ ביסטו מער ייד געווען.

וואָלף

כ'וועל דיך אַריינוואַרפן אין וואַסער אַריין.

אביגדור

מען האָט פאַר דיר קיין מורא נישט.

וואָלף

אין טייך אַריין! איך בין דער שומר, איך זאָג, אַז דאָ איז נישטאָ קיין וועג פאַר אייך. אין טייך אַריין!

פרעסט זיי צום טייך.

נחמן

וואָס לאָזטו זיך, אביגדור? ס'ליגט דאָך אים שוין דער טויט אויפן נאָז. נעם נאָר דעם נעוועט. ווי אַ טריפהנעם פיש וועל איך אים באַלד אין נעוועט אַריינכאַפּן און צעטרעטן מיט די פיס.

ער רייסט זיך אַרויס, כאַפּט דעם נעוועט און וואַרפט אים פונאַנדער.

אביגדור

כאַפּט פאַרן אַנדערן ברעג נעוועט און פלינק רינגלען זיי אים אַרום און ער פאַלט אַריין אין נעץ. וויל זיך באַפרייען און פאַרפּלאָנטערט זיך נאָך מער. ער זעט אויס ווי אַ ווילדע חיה אין נעץ.

נחמן

אָט אַזוי וועט מען דיך בינדן, זיי נישט קיין ערל.

אביגדור

מען וועט דיך ברענגען צו שלעפּן צום רב, מען וועט דיך אין חרם אַריינוואַרפן, מען וועט דיך מלקות שלאָגן.

נחמן

אויף אַ קייט וועט מען אַזאַ יידן אַנידערשטעלן.

אביגדור

אין קונע, און אַלע וועלן שפּייען אויף אים.

א פרויען־געזאַנג אין וואַלד.

נחמן

עמעצער גייט. לאָז אים אַרויס, דעם פּרא־אדם.

אביגדור

אָט האָסטו דיר גבורה. געבליבן ליגן ווי אַ געשאָכטענער אָקס.

דאָס געזאַנג דערנענטערט זיך.

וואָלף

מיט א ווילדער גבורה טוט זיך א ריס און רייסט זיך ארויס. אביגדור און נחמן אנטלויפן. דאָבע און פּעשע קומען מיט געזאַנג ארויס פון וואַלד, בלייבן שטיל ווען זיי שלאָגן זיך אָן אויף וואָלפן. דערשרעקן זיך.

דאָבע

דערנענטערט זיך די ערשטע צו אים

וואָלף, וואָס מאַכסטו? געדענקסטו מיך נאָך?

וואָלף

וואָס קומט איר אַהער, איינער נאָכן אַנדערן?!

פּעשע

וואָלף, דו ביסט געוואָרן אַ שלעכטער.

וואָלף

וואָס קומט איר אַהער צו?

דאָבע

איך האָב דיך געוואָלט זען.

פעשע

אַז דו האָסט חתונה געהאַט, טאָר מען דיך שוין נישט זען?

וואָלף

וואָסווילט איר דאָ?!

פעשע

רבקה האָט געבעטן, אַז דו זאָלסט קומען אַהיים. דאָס קינד איז קראַנק. ווער נאָך אפשר היינט שטאַרבן.

דאָבע

יאָ, טאַקע, אמת, רבקה האָט געבעטן.

פעשע

קום, וואָלף, אין וואַלד אַריין.

דאָבע

וואָלף, וואָלף, ווילסט אַפילו גאָרנישט אַ קוק געבן אויף מיר.

פעשע

אוי, זע זיין פּלייצע צעבלוטיקט.

דאָבע

ווער האָט דיך צעבלוטיקט? טו אָן דיין קאַפּטאַן.

וואָלף

קוקט זיי אָן שאַרף

דו ביסט אויך ריטעלע? קענסט אויך זויגן מיין בלוט? יאָ, דו געדענקסט? וועל צעבלוטיקן מיין לייב, וועסטו אויך גיין אין וואַסער. דו, פעשע, האָסט אויך געזויגן מיין בלוט. אונטער יענעם דעמב האָסטו זיך פאַרשטעלט. ביסט ריטעלע, איך ווייס. איך וועל זיך פייניקן און דו ווער גאָרנישט, ווער גאָרנישט.

לייגט זיך ווידער אויף דער ערד און פייניקט זיך.

דאָבע

איך האָב מורא, ער איז אפשר גאָר משוגע!

פעשע

אַ מורא צו זיין דאָ. לאָמיר אַנטלויפן.

פאַרשווינדן אין וואַלד אין איין געלויף.

וואָלף

בלייבט אָן כּוח ליגן אויסגעצויגן אויף די שטיינער, כליפּעט פון אַ שאַרפן געוויין, וואָס זעצט אים אין האַלז אַריין און אין די אויגן. דער נסתּר קומט אָן, הינטער אים אריה און פונדערווייטנס צווישן די ביימער אביגדור און נחמן.

נסתּר

אָט דאָס איז רעכט, אויף דעם האָב איך געוואַרט, צו דעם האָב איך געגאַרט, אַליין האָט עס באַדאַרפט אַרויסקוועלן.

אריה

דערנענטערט זיך אַ פּאָר טריט. אביגדור און נחמן ציען זיך אויף די שפּיץ פינגער פון ווייטן צו זען וואָס דאָ טוט זיך.

נסתּר

נו שוין, גענוג שוין! רעכט שוין, גענוג, שריי אויף!

וואָלף

זעצט זיך אויף, קוקט מיט אונטערטעניקייט צום נסתּר.

נסתּר

שטיי אויף, מיין קינד, גענוג דיר, רעכט וועט זיין.

וואָלף

שטייט פּאַמעלעך אויף.

נסתּר

פאַרדעק דיין לייב. דאָס באַווייזט מען נישט פאַר דער וועלט. מיטן האַרצן באַדאַרף מען עס פילן, אָבער קיין פרעמד אויג באַדאַרף עס נישט זען. האָסט פאַרדינט איך זאָל זיך מתקרב זיין צו דיר.

וואָלף

ציט אויף זיך אַרויף זיין מלבוש.

נסתר

גו, איז גוט. אַלץ ווייס איך, פריער געוווסט.

אריה

ציט זיך צו הערן פון ווייטן דעם שמועס. וואַגט נישט צוצוגיין נאָענט. אַזוי אויך די פּישער.

נסתר

אויף דער דודקע קענסטו פייפן?

וואָלף

קען נישט. האָב נישט קיין כּוח. פאַרגעסן.

נסתר

פאַרגעסן? נישט באַדאַרפט אינגאַנצן פאַרגעסן. ווו איז זי, די דודקע דיינע? האַ, אָט ליגט זי. נאַ, נעם דיר זי. נאַ, פייף!

וואָלף

איך קען נישט.

נסתר

ווי הייסט דו קענסט נישט? געקענט, געקענט.

וואָלף

באַטראַכט דאָס פייפל גלייך ווי צום ערשטן מאָל וואָלט ער עס גע־האַלטן אין האַנט.

נסתר

געשפּילט, גאַנצע טעג געשפּילט. אויף הפקר געשפּילט, אַזוי. אַ ייד טאָר נישט שפּילן גלאַט אַזוי, אויף הפקר, און אַ מחשבה געווען אַ טריפה.

וואָלף

כליפּעט.

נסתר

רעדט קאַלט און שניידנדיק

האַ־האַ, ס׳פייניקט דיך. אָט אַזוי פייניקט עס. און דאַוונען —

נישט געדאַוונט. און קיין ברכה נישט געמאַכט. נישט קיין המוציא, נישט קיין שהכל. נאָר געפּייפט. כ׳האָב געהערט, די ביימער זיך געוויגט. זיך געקאָרטשעט.

**אריה**

דערנענטערט זיך אַ צוניפגעדרייטער און דערשלאָגענער

מיין זון, יאָ, אַ ייד, אַ כשרער ייד. אָט דאָס איז ער.

**נסתּר**

מען ווייסט, אַז ער איז אַ ייד. מאַך אַ ברכה, זיי טועם. איצטער ווייס איך אַלצדינג. כ׳האָב פאַרשטאַנען וואָס דו האָסט מיר דערציילט. יאָ, זאב ברב אריה. וועסט געפינען דאָס אָרט, ווו דו האָסט דעם טבעת אָנגעטון. פאַראַן נאָך יידן.

צו די פישער, וואָס שטייען פון וויטן

זאָל מען נענטער צוגיין, זיין עדות.

אביגדור און נחמן דערנענטערן זיך

ער האָט מקדש געווען מיט אַ טבעת־קידושין — נישט צודערמאָנען. אָט איז דער ספר־כריתות. טראָג אים אַוועק. גיב איבער פאַר עדות אַ גט.

**וואָלף**

נעמט פון נסתּר.

**נסתּר**

גיי דיר אין וואַסער אַריין, אַזוי טיף ווי דו ביסט שוין אַמאָל געגאַנגען. ביזן גאַרטל — איז ביזן גאַרטל, ביזן האַלז — איז ביזן האַלז. גיי, גיב איבער דעם גט, איך בין גוזר!

**וואָלף**

דערנענטערט זיך צום ברעג.

**נסתּר**

גיי, איך בין גוזר!

**וואָלף**

גייט אין וואַסער אַלץ טיפער און טיפער, ווערט ביזן האַלז פאַרשטעלט צווישן די טראָסטענעס [illegible] געהערן דערהערט זיך און אַ

שלוכצן. באַלד שטיל. ער לאָזט זיך אין אוממאַכט אַראָפּ צווישן די טראַסטענעס.

אריה

לויפט צום ברעג אין איינע שרעק. רופט

וואָלף! וואָלף, מיין זון!

נסתר

ער איז צו ווייט פאַרגאַנגען...

נחמן

האַ, ברוך דין האמת...

אביגדור

האַ, ברוך דין האמת.

נסתר

צו ווייט פאַרגאַנגען.

פאַרשווינדט אין דער זייט פון וואַלד.

אריה

צעוויינט זיך אויפן הויכן קול.